גוטע גוטערמאַן

# קלאָרע וואָלקנס

## לידער און סאַטירעס

# אינהאלט:

לידער און סאַטירעס



וואָס איז ליבע?



דענקמאָלן דינגען



פֿון בוך: „דער אָפּגרונט רוישט"

# אליין אין שטורעם

דאס פרייע וואָרט, דיכטונג.
רעאַליזירטע, נשמהדיקע פליכטן.
געדאַנק פון טרערן
האַלט אין מקוים ווערן.

## ווער איז גערעכט?

ווער איז גערעכט? —
געשריי פון דער ערד,
אין צעשטערנטע נעכט.

איז די נאַכט אַזוי שלעכט?
דער טאָג אַזוי קלוג? —
פאַס־איין טרערן פון פרויען
אין זוניקן קרוג.

פרווו די ליכטיקע טויען
אין גראָז איבערציילן.
וועלכעס וואָרט,
וועלכעס ליד,
קאָן פון בענקשאַפט היילן?

פון אומעט? שרעק?
ווער איז גערעכט?
געשריי פון דער ערד —
אין צעשטערנטע נעכט.

## פרילינג

דער הימל ווערט זוניקער, טיפער,
פון שעה, צו שעה.
דורכזיכטיק־קלאָר
איז געוואָרן דאָס וועטער.
טאַפּאָליעס זינגען
אין ווינט־אַריין.
נאַרציזן שפּיגלען־זיך
אין אייגענער שיין,
דער קאַרשן־בלי קלעטערט
שכור, גיך,
אויף גרינע צווייגן
פון בוים.

נאָר איך
בלאָנדזשע נאָך צווישן די בלעטער,
פון אַן אָפּגעריסענעם טרוים.
ביז דער אָונט פאַלט־צו,
ווערט די טעגלעכע רו
— פאַרוואַנדלט אין פייער
אַ שטערנדיקע רייף
גליט אויף מיין האַלדז
איך קאָן זיך פון איר נישט באַפרייען.

דעם מינדסטן שטראַל
איז באַשטימט
זיין וועג אויף דער ערד.
יעדן פרייען קלאַנג
איז זיין עכאָ באַשערט.

אין ראַשן גאַנג
פלאַמען־אוים שטערן.

דעם טרויעריקן בלעטער־פאַל,
האָט שוין לאַנג
אַריבערגעשפּאַנט דער בוים.

נאָר מיין נאַריש האַרץ
וויל קלוגער נישט ווערן,
עס זוכט נאָך אַלץ
דעם טרוים.

## איך וווין אין דעם הויז

איך וווין אין דעם הויז, אויף אַ גאָרן,
אַנטקעגן דער זון,
צו דעם וואָלקן צו.
קעגנאיבער: אין פענצטער־שויבן —
בלינצלט רו.

איך וווין אין דעם הויז, אויף אַ גאָרן,
אין ליכט, שיין.
טייבעלעך מיט פינקלענדיקע העלדזלעך,
צייכענען באַגינען אין מיין פענצטער,
אַ קרייז, אַ קלאָרן —
זיי זענען מיינע פריינט.

ווער איז מיר פאַרבליבן
אויף דעם אינדזעלע יאָרן?

לבנהדיקע זעגלען —
כוואַליעס זכרון.

ביי די ברעגן פון טיפערן עלנט,
איז מיין שטוב — דער פאַרביקער האָפן ;
פאַרנאַכטצו,
קומען שאָטנס אַרוים פון די טאָלן.
דורות טרעטן איבער די שוועלן פון חלום
אין קילן שטראָם פון שפיגל קלאָפּן —
טרעריקע וועלן.
די וועלן וואַקסן-אויס
אין אָקעאַנען — רויש,
שוואַרצע וואַסערן
שווענקען-אַרונטער דאָס הויז...

איך וווין אין דעם הויז, אויף אַ גאָרן,
אַנטקעגן דער זון.
דער וואָלקן נעמט-אַראָפּ פון די שויבן,
זיינע ציטערדיקע, שיפּע קלאַווישן.
טויבן מיט פינקלענדיקע העלדזלעך,
צייכענען באַגינען אין מיין פענצטער,
אַ קרייז, אַ קלאָרן
רעגנבויגנס —
האַלבע רעגנבויגנס,
דערפרייען מיט לויטערע קושן,
מיינע טרויעריקע, טונקעלע אויגן.

וואַרשע, 1950

אַ יחיד באַעוולט דעם כלל —
בלינד —
צי אין זינד —
גייט די מענטשהייט באַרג־אַרויף מיט אַ תיקון —
אַ שרייפל פון אַ וואָגן אויסגעשאַלטעט.
ווען די עוולה איז געוועגדט קעגן יחיד —
שפּרינגט־אַרויף אויפן וואָגן מיט געוואַלד
דער המון — שווערער מיטלאַלטער —
דרייט דאָס ראָד פון דער געשיכטע,
זיך צוריק באַרג־אַראָפּ, צו להכעיס.

## צי איז דאָס מעגלעך?

צי איז דאָס מעגלעך?
איז אַלץ אַ טעות?
אַ פּאַסטקע — דאָס הויז?
אַ פאַרבלענדעניש — דאָס גראָז?
פאַרביקע מאַיען,
וואָלקן, פיבער.
דאָס לעצטע וואָרט —
געראַמט מיט ליבע.

האַרבסטיקער רעגן,
טונקעלע שעה,
די פריינטשאַפט שוועבט —
בלאָ.

צי איז דאָס מעגלעך?
איז אַלץ אַ טעות?
דאָס הויז? דאָס גראָז?
אפילו די ווייסל —
שלוכצט. באַוויינט —

פאַרשוווּנדענעם גלויבן,
ברידער, פריינט,

שפּע-קוואַלן,
אויסגעטרוקנטע
זאַמדן — וואַלן,
אַ שוואַרצער שפּיגל —
פאַרברענטע שטיבער —
געזאַנג פון ראָבן.
די וועלט איז הי
באַגראָבן!

## אַ פריינט

און דאָס איז דער טאָג —
דער טרויער-טאָג.
דער הימל האָט לאַנג
געקלאָגט, געקלאָגט.

ביז אַ פראָסט האָט צעבלאַנקט
דעם טאָג אין טבת —
האָט אויף מיר שוין געוואַרט
אין שניי, אַ קבר.

טויבן פון מיין ליד,
האָבן מיך נישט דערקענט.

א קרא האָט כיכיקעט,
געפּיקט די הענט —

און העכער פון אַלץ
האָבן שונאים געלאַכט —
געלאַכט! געלאַכט!
אויסגעלאַכט!

א טאָג אָן טרייסט —
אָן מענטש, גאָט! —
האָב איך דערהערט
דיין גיכן טראָט!

ווייט פון פאַלשן
גלאַנץ, טומל —
מוט! אָן אנגסטן!
האָסט שטיל געמורמלט.

געקוקט אין מיינע אויגן
געטריי, פרום —
אויסגעלייזט דעם גלויבן
פון אומקום...

## געזעגענונג

איך האָרך זיך נישט צו,
צום קלאַפּן פון הארץ;
איך פריי זיך

מיט מיין לעצטן
פוילישן הארבסט.
ביז אַ שטורעם וועט ברענגען
די צייט פון וועלקן —
דערלערן איך: די נעלקעז,
פעלד-בלימלעך רויטע —
בלוטיקע קרעלן,
אַסטרעס —
שוימיקע וועלן.

מיין שטוב שמעקט
מיט פּרוכט.
בלומען — פּראַכט —
און עפּל-סאַד — בייטאָג.
אַ גאָרטן — ביינאַכט.

דערזע איך אַ באַרג —
וואַקס איך אוים
אויף די שפּיצן;

די שיינקייט פון הארבסט —
באַגריסן.
דעם בלעטער פאַל —
באַגלייטן;

אַ דינעם זעגל —
אַ האָפענונג —
אַ שטראַל —
מיטצונעמען
אין די ווייטן...

אַ קייט —
שווערע אומגליקן,
שווערע באַדינגונגען,
אָפּטער פרייז
פאַר באַפרייען דעם גייסט
פון אַ קייט —
שווערע באַצווינגונגען...

## אונדזערע טרערן

אונדזערע טרערן — כמאַרעס שווערע,
איבער היימען צעבראָכענע, ישובים צעשטערטע,
דאָס ליכט פון קינדערס פנימלעך זיסע —
פאַרגליווערטע פערל אויף אינדזלען וויסטע,
צעשפּריצט אין פייער, געפרוירן אין האַס.
פון דאַנען זייער ביטערניש, דער כוח, כעס —
טאָג ביי טאָג אויף די ליפּן. זיי וואַרגן אין האַלדז —
גיפטיקע קרעלן אין ברויט, אין זאַלץ.

אונדזערע טרערן — אַן ענדלאָזע קייט —
זיגזאַגן בלוט, זיגזאַגן פרייד,
ציען זיך צום מענטשלעכן האַרץ וואָס איז ריין.
נאָר טרעפן זיי אָן אויף דעם אָרט אַ שטיין,
דאַן פאַלן זיי אַראָפּ אויף דער ערד צעגליט
און פלאַמען יאָגן, בריען די טריט.
איר אַלע וואָס העלפט דאָס געוויין פאַרמערן —
היט זיך פאַר אונדזערע טרערן!

וואַרשע, 1951

## מיין שיינע טאָכטער

ס'איז ווינטער אין פּוילן.
דער ווינט גלאַנצט.
דער שניי בלענדט.
מיין שיינע טאָכטער —
ווארפט אריין אַ פּאָר העלצלעך
אין אויוון.
זי וואַרעמט די קליינע, געפרוירענע הענט
ביים דרייען דעם ראַדיאָ־קנאָפּ.
די פיס — אין הויכע זאָקן,
ביים טאַנצן אַ וואַלס
פאַר די ווענט —
אַ שאָטן פלעכט אירע לאָקן —
אַ שיפל איבערן קאָפּ...

שפּעטער —
שפּאַרט זי אָן דעם בליק,
אין אַ פענצטער —
פליען קראָען צוריק
אויף אַ זיכערן גזימס.
ווען די שייבעלעך ווערן פאַרצויגן,
מיט צווייגעלעך פון אַ בוים,
וואָס זיין אָטעם שוועבט פון פלאַמען —
דערהערט זי אַ פליסטער —
מיין שטילן פליסטער,
אַ היים געבעט,
טראָגט זיך איבער די ימען.

שיף: נגבה, 1951

# א מוטער

אקאָרד צו דער דראַמע :
צעריסענע משפחות

א מוטער
אַ צעשיידטע מיט איר קינד —
זי לויפט אַקעגן דעם ווינט,
וואַלקנס,
הימלען,
אַ מוטער קאָן פאַלגן —
אפילו מפּלות...

איר טאַכטערס יוגנטלעכער חלום —
אַ בריוול
אין די הענט
פון אַ מוטער
די אותיות פינקלען —
אַן אות קאָן צינדן:
שרפות פּאַריבל
שוועבן
אין נעפּלען.
ווער מוסרט דען אַ מוטער
אין איר צאָרן — געווירבל ?
שטורקאַצן — שטערן
באַלאַגערן די נעכט —
אַ געפּעכט !
אַ כליפּען !
פרימאָרגנס מיט ברענענדיקע ליפּן
שטעלן זיך: נביאות זאָגן —
שיפן טראָגן

פון איר הארץ דאָס געוואלד,
אַ רוף אָקערט דורך אירע ביינער —
אַ מוטער —
אַ לייבינטע, אַן עלנטע
אין אַ הארצלאָזן מענטשן־וואלד —
אַ בארויבטע פון אירע קליינע.

## וואַרט, וואַרט

וואַרט, וואַרט, וואַרט!
איך קלעטער צו דיר דורך אַ באַרג,
איך אייל צו דיר דורך אַ פעלדז
דער ווינט האָט אַ צונג און שעלט,
דער שטורעם האָט הענט און שלעפּט,
דער באַרג האָט טרעפּ און העלפּט,
איך קום צו דיר דורך אַ תהום
דער הימל איז שלעכט ווי אין סדום
אויף יענער זייט באַרג איז דער טרוים.

וואַרט, וואַרט, וואַרט!
דער לעצטער שטיין איז האַרט,
דער לעצטער וועג איז שווער,
שווער די דערשטיקטע טרער,
לייכט איז דער פויגל אין שוועבן,
בויג נישט דעם קאָפּ באַליידיקט,
דאָס בוך פון מיין אומעטיק לעבן,
קאָנסטו אויסנווייניק.

וואַרט, וואַרט, וואַרט!
איך קלעטער צו דיר דורך אַ באַרג

כ׳האָב דעם וועג, נאָך נישט פאַרלוירן;
איך שווים מיט ווייסע לבנות,
עס שווינדלען צעשטערנטע טויערן,
ערגעץ רוישט אַ פעלד מיט זאַנגען —
די אמתע זון פון מיין חלום
איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען.

וואַרט, וואַרט, וואַרט!
איך האָב דיך נישט גענאַרט,
אומגעריכט פון די פינצטערע וועגן
קומט אַ בלימל אַ העלם אַנטקעגן.
ס׳האָט דער טרוים מיך נישט פאַרפירט,
ס׳האָט דער בוים שוין אָפּגעבליט,
דער שטאַם — נישט אָפּגעדאַרט,
וואַרט, וואַרט, וואַרט!
ס׳האָט מיין הארץ מיך נישט גענאַרט.

## דער מאַנדלבוים בליט

דער מאַנדלבוים בליט —
די שפּיצן פינגער,
די דלאָניעס די ווייסע,
אויסגעשטרעקט
צו אַ העלן, שטראַליקן וווּנדער.
דער מאַנדלבוים קניט —
ער וויל אַ שפּרונג טאָן!
ער וויל אַוועק!
ער וויל אַרויס פון דעם אַלטן יאָרהונדערט.
פון דעם דאַרן, טונקעלן ביין,

שפּאַרט אַ שטורעם פון שיין.
ער טראָגט די צווייגן לייכט, צערטלעך, שטאָלץ,
ווי אַ הירש זיינע הערנער.
דאָס פאַרבאָרגענע האַרץ אין האָלץ,
אויפגעוויקלטע פויסטן — די דערנער.

דער מאַנדלבוים בליט.
וויפל שטורעמס האָט איבערגעבראָכן
זיין געמיט?
אַ בייזער וואָרעם האָט אים געשטאָכן.
אַ גראָע כוואַליע שוים איז אים דעם וועג פאַרקראָכן.
אויף זיין ברוסט האָט געקלאַגט
דער געוויטער.
קאָן זיין, אַז דערפאַר איז די פּרוכט זיינע טונקל
און ביטער.
דער מאַנדלבוים וויים:
— ווען די זון גיט אַ קוש דעם פאַראומערטן וואָלקן
קרישלט זיך אייז.
עס פּלאַצט די קייט אומגעדולדיקע שטערן.
עס רייסן זיך קנאָספּן אויפגעבונדן צו ווערן.
אין מדבר אפילו:
אין צער, טרויער,
וואַכט די ליבשאַפט אַ שטילע,
אין שטיינערנעם דויער.
דער מאַנדלבוים בליט
מיט פרייד, מיט קלאָרקייט באַשיט.

אַ פריינט מיינע!
אַדלער געשמידטע אין הונגער!
קינדער פאַרכאַפּטע אין אַ גייציקן קריג!

מוטערם הערצער פאַרוווּנדעט! היים!
דער מאַנדלבוים יובלט!
זיין לויטערער צווייט
רוישט מיט פרילינג, אמת, טרייסט.

ירושלים, 1952

## ממטרה

צי דער רעגן רוישט?
צי זינגען עם די פייגל?
אַ טיף געזאַנג,
פון פאַלן און שטייגן —
אַ ממטרה טאַנצט
אויפן פעלד, דעם פרייען,
דער מזרח גלאַנצט,
טרויעריקע אייזלען שרייען.

ווי הייסט דער פויגל,
מיט די פונקען-אויגן?
זיינע פעדערלעך —
אַ פליענדיקער רעגן-בויגן? —

זון, לבנה, דער וואָלקן,
ביינאַנד אויפן הימל.
דער גאָרטן אָטעמט,
מיט מיסט, מיט קימל.
אַ פייגנבוים שאָטנט —
אַ שירעם, אַ גרויסער,
דורך מעסער, נאָדלען,
שפרייזן די רויזן.

מאראנצן לויכטן,
עס שמעקט דער ווינט.
א טייטלבוים קעמט זיך:
אין דער זייט — א שרינט.

די ממטרה טאנצט
אויפן פעלד, דעם פרייען,
דער מזרח גלאנצט.
טרויעריקע אייזלען שרייען.

רמלה, 1951

## חיפה

עס איז געווען: ים און שוים, שיין,
ליכט — שפילעריי מיט די פיש אין דער טיף.
די זון האט טאגטעגלעך פארן פארגיין
זיך אפגעשטעלט ווי א פורפור־שיף.

פארהארכט אין אייגענעם, טונקעלן שווייגן,
האבן פעלדזן געקיניגט הויך, שטארק.
און אדלער האט פארגעסן דעם קאפ צו פארנייגן,
אריבערגעפלויגן אויף יענער זייט בארג.

האט א מענטש דאס דערזען און די הענט אויסגעצויגן.
דער ים איז אפגעטראטן מושליעס אויפן ברעג.
א הויז האט צעעפנט גלעזערנע אויגן.
א סטעזשקע האט פארטראטן די שלאנג אין וועג.

און איבער דעם גליק — א טשערעפאכע די גרויס,
האט זיך צעפינקלט א גארן — א מארמאר־רויז.

א גלאַנציקער שלאָס האָט זיך צעוויקלט מיט זאַלן.
(דער בויער האָט געלייגט די טרעפּ און איז געפאַלן).

פון דעמלט אָן הויבט זיך עס אָן, דאָס געלויף:
פאַבריקן, געביידעס — אַרויף! אַרויף!
זיי רוען אויפן רוקן פון די בערג די הייסע
לאָזן זיך אַראָפּ ווי סטאַדעס שעפּסן ווייסע.

א הויז האָט פאַרשפּעטיקט דעם אויבנאָן,
שפּרייזט מיט פּירקאַנטיקע פיס פון בעטאָן.
אויף דעם אָרט ווו א וואַסער האָט א שלוכץ־געטאָן קוים,
האָט זיך אויסגעשפּרייט אין זאַמד, דאָס בילד פון א בוים.

איצט לויפן שוין אויף אַלע פיר, אַרויף די פלאַנצן.
א גאָס פירט א קאַדריל, די אויטאָבוסן טאַנצן.
די נאַכט נעמט אַריין אַלע בערג אין א נעץ
מיט שמאַראַגדן, פייערווערקן אויסגעזעצט.

עס שימערט מיט גאָלד. קוקט מען באַרג־אַראָפּ —
רירט זיך די ערד, עס שווינדלט אין קאָפּ,
דער ווינט שלעפּט א פינצטערע דעק פון געצעלטן,
עס דרייען זיך פליסיקע, תהומען־וועלטן.

קוקט מען פון אונטערן באַרג צו דעם באַרג,
ווערן טרוימען הויך. דער אומרו — שטאַרק.
מען שטייגט און מען הויבט זיך אַריבער די טאָלן,
אויפן זילבערנעם לייטער פון יעקבס חלום.

1951

## אָדע צו ירושלים

ירושלים!
דיינע טויערן —
די בערג, די צעפינקלטע,
אין צינאָבער.
פעלדזיק, איז דיין צויבער!
נישט צום פאַרגעסן! —
דיין טוי,
קלעקט דער זון קוים צום טרינקען.
די שטיינער —
זיי גיבן נישט קיין עסן.
שטילע איילבערטן, שיטערע ערד און דאָס וואַסער,
אויסגעכאַפּט דעם אָפּגרונט, פאַרשפּאַרט מיט טעראַסעס.
אַ פאַרבלאָנדזשעטע זאַנג שטראַמט געבויגן,
די פעלדבלום וואַנדערט מיט אַ שירעם פאַר די אויגן —
דער שאָטן, וואָס שוועבט פון באַרגיקן ריז,
דאָס גרינס,
איז זיס.

ירושלים!
איינציק, אין דיין פורעם! —
רו אין באַוועגונג, געזאַנג אין שטורעם!
דיינע לונגען קרישטאָלענע, אָטעמען הויך!
העכער פון בלוט! העכער פון רויך!
איבער היילן מיט אומגליקן: אַנעמאָנעס — רויט.
דיינע ווילדגראָזן שטרעבן צו דער פאַרב פון ברויט.
אַ פאַרשטאַרבענע מיל, אויפן שפּיץ פון דער צייט,
אַ פליגל, אין ווינט. דער באַרג איז גרייט;
ער לויכט און באַנייט זיין געשטאַלט, אויפן אָרט,

פלוצלינג: לופטיק. לייכט ווי אַ וואָרט.
דו בינדסט די בוקעטן; קאָלירטע שטערן.
אין דיין זון־פּאַרגאַנג,
פלאַמט דער זונס געבוירן ווערן.
דעם כוח, וואָס שטערט צו דערפרישן דיין פּנים —
וואָרפסטו אַ וואָלקן. קלאַפּסט אָן רחמנות.
דאָ ווייזטו אַ האַמער! דאָ ווייזטו אַ שווערד!
דאָ זעט מען ממש, ווי עס דרייט זיך די ערד,
דיינע נעכט: שימערירנדיקע מויערן.
דיינע טאָלן מיט ליכט און בלענד אַנגעטרונקען —
ירושלים!
דיינע פעלדזיקע טויערן!
בערג, אין צינאָבער געטונקען.

אולפּן „עציון", 1952

## אָקטאָבער אין די מעברות

אָקטאָבער.
דער הימל איז שווער —
אַ וואָלקן־צוג,
רוקט אָן דעם רעגן —
באַלד פאַלט ער אַראָפּ
אויף דער ערד.

דאָס פלעמעלע נאַפט
אויף אַ האַקן —
ווערט בלינד.
געצעלטן
נעמען זיך שאַקלען
אין ווינט.

געצעלטן פליען,
פון בערג,
דערוואַכט.
ווי פּאַל־שירעמס
פליען זיי נאָך:
אַ בגד,
אַ זאַך.

די הענט פאַרלאָשן —
טוט אַ מענטש זיך וואַקלען,
רופט דעם ברעג,
די פאַקלען,
דערטאַפּט אין וואָלקן
אַ פענצטער.
דער פלום פון ימען
ענטפערט,
ברומט,
לאַכט.
איינזאַמקייט —
נאַכט.
טרער.

אָקטאָבער.
דער הימל איז שווער.

1951

## ליד פון דאַכלאָזן עולה

ווּ איז ירושלים?
דאָס גליענדיקע ליכט פון דער נאַכט?
חיפה אין נעפּל?
גרינע פונקען פאַרפאַסט אין די בערג?
שמאָלע לויכט-טורעמס שווימען אַוועק —
פיבער. נייגער. סדום.
אַ טליענדיקער בלאַט פון תנ״ך —
אַ הייסער העק,
יענעוועלטיקע גערטענער —
אַ תהום
אויסגעשרפעטע טאָלן. —
הפקרע ביידלעך אין פעלדער:
די ווענט —
אַ קיילעכדיק בילד
פון אַראַבישע קברים.
דער דאַך —
אַ קאָנצענטרירטער, פאַרוויקלטער אויסרוף-צייכן:
עס ברענט!
דער באָדן קראַכט!
פייערדיקע צונגען שרייען!
זאַמד פון הייכן.
אַ ברונעם טרוקנט.
אינזעקטן, שלענג,
פערציק-פיסיקע קריכן.
לייבן מיט שוים-גריוועס,
בלוט-פלעקן שפּרינגען,
פון ימען טיפע.
ווּ איז ירושלים?

ווייט פון דאַנען.
חיפה אין נעפּל —
אַ פאַטאַ-מאָרגאַנאַ. —
אַנדערע שטעט זענען בייזע,
די הייזער —
אומדערגרייכבאַרע, אָפּגעשוווּמענע שיפן.

1951

## אין שטעטעלע: „קבוץ-גלויות"

אין שטעטעלע: „קבוץ-גלויות"
אַ מאַרק —
אָנגעפּראָפּט
מיט טויזנט זאַכן.
צוויי טויזנט שפּראַכן.
מעקלער. ציגאַרן. דאָלאַרן. לינדזן.
ס'וועט עמעץ אַ געשריי טאָן:
אַ דיכטערין אין שטאָט! —
וועט דער המון
מיך באַפאַלן: לינטשן!

נאָר די קינדער —
די, וואָס האָבן שוין אַ היים —
זיי וועלן מיך מציל זיין:
צעזייט געוויין
וועט פון זיי אַרויסשרייען —
אַלס בליענדיקער גייסט.
מוטערס וועלן כאַפּן זייער טרייסט
און אַנטלויפן —
ווער עס וועט פאַרזעצן קויפן.

דערוויל
זוך איך:
אַ בוים,
אַ פּיצל הויז,
אַ שאָטן פון אַ פּלויט.
זאָל שוין זיין:
ציגל אַ הויפן!
אַ הייל!
אַ העק!
ווו אַהין צו אַנטלויפן,
אַנטרינען,
דער שרעק!
דער זון אויפן קאַרק!
דעם מאַרק
די טויזנט זאַכן.
צוויי טויזנט שפּראַכן.
מעקלער. ציגאַרן. דאָלאַרן. לינדזן.
ס'וועט עמעץ אַ געשריי טאָן:
אַ דיכטערין אין שטאָט! —
וועט דער המון
מיך באַפאַלן: לינטשן!

רמלה, 1952

## טאטע־מאמעס דירה

איך קוק אריבער צו די ימען סתירות:
בוקעטן ליכט. בית־עלמין־בלומען. טונקעלע בלומען.
ווי אזוי איז עס מיין טאטע־מאמעס מאגעלניצער דירה,
דורך אלע ימען, דא אהער אריבערגעשווומען?

טאטע־מאמעס דירה, זייערע נויטן. ביטערנישן.
דער ריח פון נאפט אין די ווענט.
איך אליין בין די מאמע: אין פינצטערנישן,
בלאנדזשעט איצט מיין קינד אין דער פרעמד.

כ'בין מיין ארעמע מאמע: איך וויג
א בריוו, מיט א טרערן־פלעק.
עס לויכט מיר צום אומעט א פליג,
מיט איר לאמפ אויפן קאפ, צי אויפן עק.

דאס גאנצע שטעטל מאגעלניצע, איז האסטיק,
אריבער דעם ים ווי א פראם.
היינט הייסט דאס שטעטעלע — רמלה,
מארגן: בית־דגון.

ארעמער האן, דער מאגעלניצער
קרייט דא פארטאג אויף די גאסן.
דער טאטע איז אוועק, ווי א פאן,
וויקלט זיך זיין טלית אין פאסן.

1952

## נאָסטאַלגיע

עס ציטערן די שויבן
אין מיטן דער נאַכט —
אומרו, גלויבן,
פון ערגעץ געבראַכט.

ערגעץ געירשנט
דעם לויטערן חלום —
עס שווימט איבער וואַרשע
אַ קלאָרע לבנה.

מיין היים די געשוווירענע —
אַ צעקלאַפּטער לאַמטער.
איך — אַ פאַרלוירענע
אין מיטן די שטערן.

צעוואַלגערטע שטוב,
— אַ גרוב נאָך אַ גרוב —
וואַרשע די שטאָט!
וואַרשע די שטאָט!

זי באַגלייט, אַ צעקרענקטע,
מלחמות, וואַנדער —
איך בין פאַרמשפּט אייביק בענקען!
פאַרוואָס איז עס אַזוי, נישט אַנדערש?

ווער עס בענקט נאָך אַ היים,
— אַ מענטש, אַ גאָט —
איך בענק אין געהיים,
נאָך אַ שטאָט — — —

# אליין אין שטורעם

א ים־כוואַליע קאָלערט:
זאַמדן. הימלען. שטראַל.
אַ מענטשלעך לעבן קאָלערט:
כאַראַקטער פון כלל.

וויפל מאָל זיבן —
אַליין אין שטורעם?
בין איך געבליבן:
אַ טורעם,
אַ שוואַכער.
חלומות —
די בעסטע,
טייבעלעך —
נעסטן,
קראַכן.

פינצטערנישן קרייזן,
האָגל־ווינטן שפּרייזן —
קופּאָלן,
פאַלן.

מאַנדלביימער פליען,
אָדלער —
קניען,
צעקרישלטע שטערן —
רעש
אויף די דעכער —
אַש
שיט זיך
פון אַן איבערגעקערטן,
פלאַמענדיקן בעכער.

# האַרבסט אין בית־דגון

## אין דעם גערטנגל

איך גיי אין דעם גערטנגל: פאַרצווייפלטער וואַנדער,
איך לויף צו דעם זיג, צו דער רו וואָס איז אַנדערש.
עס יאָגט מיך תמיד ווידער אָן, דער זעלבער קריג —
וואָס האָט געקרייזט אַרום מיין היים, מיין וויג.

איך גיי אין דעם גערטנגל: המונים קרעמער,
מאַנעטן־קלאַנג, בלוט, אין מעטאַל, איבער באַלעמער,
טריבונעס, אַמבאַנעס — פון דעם גלאָקן־כאָר,
אַנטלויף איך העכער אַ דור.

איך גיי אין דעם גערטנגל: נויטן, לאַסטן,
וואָס מיין מאַמע האָט אַ לעבן־לאַנג געשלעפּט אויף די אַקסלען;
דער מאַמעס ראַנגלעניש ציט זיך אומענדלעך! אומענדלעך!
איר טויט איז פאַרהאַנדלט. נקמה — פאַררענדלט!

איך גיי אין דעם גערטנגל און דער גורל — אין שטאָם:
די ווייסע בלום בלאָזט־אוים אַ סם, די רויטע — אַ פלאַם.
אויף טרערן וואַקסט דאָס הויז, אין ים — דאָס זאַלץ,
מענטשן־ברידער, בייזע ברידער, שלאָגן זיך נאָך אַלץ!

איך גיי אין דעם גערטנגל: פאַרצווייפלונג, וואַנדער,
לויף צו דער רו, צו דעם זיג וואָס איז אַנדערש.
מיט אַלע ווינטן יאָגט אַ קריג, עס קלינגט דער וואָפן:
אין מזרח. מערב. דרום. צפון.

## אַנשטאָט צו וואַרטן

אַנשטאָט צו וואַרטן —
כדי צו דערוואַרטן,
צווייגלעך קראָפּיווע —
הענט געגאַרטע —
וועל איך שוין דאָ רייסן,
ווילדגראָז, אין גאָרטן —
אַזוי לאַנג שלאָגן
דעם באָדן, דעם האַרטן,
ביז: מיט העלדזוער דינע,
צווישן טאָג און נאַכט,
וועלן ליליעס קומען צו שווימען.

מיראַזשן וועלן קומען.
פּאָרטן.
אַ גרוס פון אַ פריינט,
פון דאָרטן. —
דער מאַמעס פּנים,
הענגט
אויף אַ בלימל —
דעם טאַטנס שאָטן,
שוועבט
פון הימל. —
און מיט העלדזוער דינע,
צווישן טאָג און נאַכט,
וועלן ליליעס קומען צו שווימען.

## נישט צו דערפרייען די שונאים

נישט צו דערפרייען די שונאים! —
צו פאַרשטעלן די בייזע פּאַנטאָמימעס, דאָס טאַנצן
צום טאַקט פון די דונערן איבער מיין קאָפּ;
צו פאַרשטעלן דעם גיפט — די אינטריגע,
וואָס ציט זיך צו מיר —
וויל איך אַ בלומען־פּלויט, אַ הויכן, פאַרפלאַנצן,
מיט שטעכלקעס קעגן דער טיר.

און פון אינעווייניק — פּאַרקן:
בלומען איידעלע, צאַרטע, מיט טוי אין די אויגן.
ביים גרוסן אַ פריינט און ביים געזעגענען,
זאָלן זיי פאַרנייגן
סאַמעטענע קעפּלעך.
אַ פאַרב מיט אַ פאַרב וועט זיך באַגעגענען
אויף בייטן־טרעפּלעך —
אויף העכערע, לופטיקע שטיגן,
וועט אַן אַלעאַנדער זיך וויגן.

נישט צו דערפרייען די שונאים!
זייערע הונגער־פּיילן
זאָלן מיך נישט האָבן געטראָפן —
מוז איך איילן:
פאַרזעצן קאַרטאָפל אין באָדן.
דערלאַנגען דעם ווינט מיינע ביידע אָרעמס,
פאַרפעצן מיט ערד די דלאָניעס ווייסע —
טרעטן מיט עקל אַ וואָרעם.
שמעטערלינגען היגע,
פילטרירן דעם בראַנד

מיט מושלינענע פליגל,
אַנטוויקלען אַ מין, קעגן פייער־געוואַנט
בעתן שוועבן.
די שמעטערלינגען היגע —
זיי וועלן מיך טרייסטן.

## וואָס טו איך דאָ אצינד?

וואָס טו איך דאָ אצינד?
אין גערא̈נגל מיט דעם מדבר?
חמסיניקן ווינט?

איך זוך אַ קאַרטאָפל
אין ערדישע קאַרבן —
געפין אַ רעטעך
מיט אַ טעם אַ האַרבן.

אין דער כוואַליע פון זאַמד,
וואָס גליט —
האָט געאַנקערט דאָס ליד
און קאָן נישט שווימען ווייטער.
אין קולות פון שכנים —
גליווערט יידיש טעאַטער.

אַ גרויליקער רעזשיסער,
האָט אַרויסגעריסן פריער
די פעדער פון האַנט —
און דערלאַנגט:
די טוריה...

מיט וואָלקן־פּאַראַוואַנעס
פאַרשטעלט, באַהאַלטן,
ליגט פאַרשטויבט די לבנה —
אַ דעקאָראַציע, אַן אַלטע.

אַ פּרדס גליט,
די האָריזאָנטן ברענען —
תימנער יידן
טרעטן־אויף
אויף דער סצענע...

בית־דגון, 1953

## דערוויַיל

די רויז ביי מיין טיר
איז געראָטן בשלום:
זי טרינקט אַ בעכער זון,
אַ טראָפּן טוי,
איר הימל איז בלוי.

מיט פאַרוויקלטער שיינקייט,
שטעכיקער קלוגשאַפט,
הויבט זי אויף איין אָוונט
אַ טאָסט
צו די שטערן.

אַ קאָלירטער חלום
האַלט דאָ אין מקוים ווערן.
באַלד, באַלד —

און עס גרינט אַ סאָד,
עס רוישט אַ וואַלד.

דערווייל
געניסט דער מוילוואָרף
וואָס וווינט אין דער הייל.
צו דעם האָניק פון בליעכץ
קומען פלאַטערלעך געניסן.
אינזעקטן באַפאַלן
די פלאַנץ, דעם באָדן.
צו די טייכלעך וואָס פליסן,
קומען שוואַלבן זיך באָדן.
ווילדע בינען, ווי קליינע עראָפּלאַנען מיט משא,
לאַנדן ביים ברעג טרינקען וואַסער.

אָרום וויינשטאָק,
וואָס וויקלט אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט,
פאַרקרומט זיך די שלאַנג
אין אַ ברוינעם זיג־זאַג.

דער ניסנבוים —
זיין צאַרטן גענאַד קוק איך אוים.
זיין לויטערער אָטעם
וועט קילן דאָס הויז.

דער ניסנבוים
פלעכט אין זיינע צווייגן
פאַר אַלע פיר ווינטן
אַ בלעטערדיק וויגל,
ער וואַרפט דערווייל אַ שאָטן —
אַן אָדלערס אַ פליגל.

## טרוסקאַווקעס בליִען

טרוסקאַווקעס בליִען —
די פּרוכט איז גרויס.
שטראַלן —
צעגליטע מעטאַלן —
האַקן דעם אָטעם!
זאַלץ — אין דער ראיה.
בוק זיך! פֿאַל!
צום אייגענעם שאָטן!
קני
צו דער טרייסט —
טרוסקאַווקעס בליִען!
די פּרוכט איז גרויס.

## פֿייגל־שרעקערס

קרוע, בלוע, העלצער, ווינט
אין אַלטע, שטרויענע הוטן.
פֿייגל־שרעקערס אין די קוסטן
היטן אָפּ די פּרוכטן.

זיי ציטערן. נאָר טיילמאָל
זינגט אַ ברעט, אַ האָלץ:
פּורים־שפּילער, אין דעם גאָרטן —
געבראָכענע אין שטאָלץ.

איך אַליין בין אויך, ווי זיי דאָ —
אַ פֿאַרשטעלטע, שפּל —

יאָג די פייגל אומעטיק,
יאָג האָלציק־שטייף.

אַ קראָ פליט אַוועק
מיט אַ קללה אין שנאָבל.
דער בלאָער, גלאַנציקער שלדג —
ער לאַכט פון מיר, פייפט...

## ווילדע גראָזן

דאָס פליסיקע זילבער
האָט דעם גאָרטן באַרוישט, באַגליקט.
דעם מדבר? — דעם מדבר
פאַריאָגט אויף צוריק.
אויך געבראַכט אומגעבעטענע געסט
— אַ פעסט —
ווילדעביימער, גראָזן,
אויפגעבלאָזענע
מיט אָפענע רויבער־כוונות
פאַרדעקן זיי דאָס אמתע בליעכץ.
ווער האָט אויף זיי רחמנות?
אַוודאי נישט מיין שווערע טוריה...

אין ביטערע טעג
שטייען זיי ווידער, כסדר אויף מיין וועג,
דערמאָנען מיר: קנאה־ניצעס — ווייבער —
מיט פלאַטערדיקע צונגען — פענער.
מענער־שרייבער —
פויזענדיקע גרעזלעך — גראַפאָמאַנען —

אומגעזעטיקטע קאַרליקעס — עפּיגאָנען:

— דער קוסט אויבנאָן
ער גריסט זיך אַליין מיט די צווייגן.
אימיטאַציע-צוויטן
שלינגען דעם גאָרטן — אַלס אייגנס.
אַ ביימעלע — לומפּ — נישט געליטן, געשטריטן,
איצט שאָקלט עס זיך פּאַרכטיק: אַ בעל-תשובה...
צעבלעטערטע בעלי-דינאַסטיעס —
יורשים פון רביים, לערער, ראשי-ישיבות —
אַזעלכער קאָן אַראָפּשלינגען אַ שטריימל מיט דער שאָף...
שטעלט זיך פאַר פאַר איינעם, פון די למד-וואָוו ———
פאַראַן אַ דאָרן, אַ דאַרער.
ער קוויקט זיך, זעטיקט זיך,
מיט פרעמדע קאָשמאַרן...
אויף די בלומען-דאַמע:
פוכן פליען, פון אַ שישקע, אָפּגעשפּיליעט —
זי וויל ווערן: עלזא — לאַסקער — שילער ———
רילקע גלוסט איר, פאַר אַ דבוק, אין איר ליד אַריין —
זי וויל דווקא, דווקא: אַ דזשאָקאָנדאַ זיין ———

שלעכטעביימער — געטשן —
שלעפּן מיך אַריין אין זייערע אויסגעשפּרייטע נעצן —
אַ גרוים אומגליק —
וואַנדערט מיט אַ ווידער-קול, דאַ, אין דעם דזשונגל —
אויך אין די נעכט
איז שלעכט:
פאַרזינקען אין אַ ים גראָזן — דראָטן, פאַרשלינגען,
קאָן איך צומאָל נישט שרייען, שפּרינגען.
אין ראַנגלעניש, שטום —
גייט-אויף אַ פלאַמענדיקע, הימלדיקע בלום...

## מען מונטערט דעם גאָרטן

מען מונטערט דעם גאָרטן,
מען שלעפּט איבער שרפות
אַ שאָטן.
דער באָדן פאַרעט. —
זון־גלאָקן,
וויגן זיך: בום! בום! בום! —
צעריסענע אָרעאָלן
פון פאַרשוווּנדענע הייליקע,
בלאַנדזשען אַרום —
איבער כמאַרעס קאָמאַרעס.

דער ווינט גיט אַ יאָג
גליענדיקע בייטשן לאַנגע,
אַ פּייף —
גילט אַלם כשוף־שפּרוך
פאַר דער פּלאָג:
גיפטיקע שלאַנגען.
די אייזערנע שווערע טוריה,
גראָבט אוים:
דערנער־ריזן,
ווערעם, וואָס קאָנען
אי קריכן, אי פליען.
מען פירט פאַרגליווערטע בערגלעך
צו זייערע, באַשערטע גערעטעניש.
מען וויקלט:
פאַרוואָלקנטע רעטענישן,
בליצן מיט שפּיזן,
פאַרבן־מאָזאַיקעס,

שווענקט מען צום גלאַנץ.

מידער, פּאַמעלעכער טאַנץ,
מיט פולע קעסטלעך פּרוכט
אויף דער שוים.
זון־אונטערגאַנג —
אַ רויטער בוהיי
שלינגט דאָס פאַרבליבענע היי.

## נאָך אַ טאָג שווערער מי

נאָך אַ טאָג שווערער מי
אין דעם גאָרטן —
איז דער חלום נאָך מידער
פון די גלידער.
אַדורכגעבראָכענע זעגלען די וויעס —
אומבאַקאַנטע פּאָרטן
צעוואַקלטע קריעס
דער מילכוועג פיבערט:
עס שיטן זיך ווייסע ליליעס —
עס מבולט מיט ליליעס.

צעטומלטע שטערן פליען
פון זייערע וועלטן.
לבנה געוועלטיקט
אין קרייז אומגעלומפּערט —
אַ שפּרייז —
דער זילבערנער פּאַנצער
גליטשט זיך אַרונטער —
עס באַווייזן זיך:

מאַגנעטישע פעלדער —
משונהדיקע פלאַנצן
בליען.
שטחים באָדן האַרטער,
נישט באַאַרבעטע אינגאַנצן
ציען.
סערפּן קלינגען,
מדבריות וואַרטן,
אויף מיינע אומבאַהאָלפענע
לײמענע פינגער.

## פ א ר נ א כ ט

פאַרנאַכט —
רוקט זיך אויף
אַ זילבערנער ריגל.
פאַרנאַכט —
גייט דער נעפל אַרוּב
מיט אַ שפּיגל:
אַ בליק אין הימל,
אַ בליץ אין גאָרטן:
דער עפּלבוים בליט —
זיין קאַפּריזער שאָטן
קריכט איבער פּלויטן.
מאַלינעס שפּרייזן
אויף שטעכיקע דראָטן,
אין הימלישע פעלדער
באַווייזן זיך זעלטענע
טרוסקאַווקעס רויטע.

## בלאָע גערטענער

די מינדסטע קאַלוזשע
נעמט אַריין אין אַ רעמל —
אַ כמאַרע אין וואַנדער.
איך קום צו די שפּיגעלעך קוקן:
דער גאָרטן — מיין עדות —
צו מענטשן קאָן איך נישט
און וויל זיך נישט בוקן...
צום וואָלקן אין שפּיגל —
יאָ.
דער וואָלקן רוקט זיך פונאַנדער —
בלאָע גערטענער
וואַקסן אין הימל.
מיינע הענט
געפאַרבטע מיט ערד —
באַוועגן זיך אין אַ מין תפילה.

## די בליעכצן בליען

די בליעכצן בליען.
פאַראַיאָריקע פליעכצן
קומען צו פליען.
פליסיקע שפייכלער —
שווימען שוין ווידער,
זרעים אין די טייכלעך.

די בליעכצן בליען:
אין ווייס, אין בלאָ.
פילפאַרביקע פייגל

קומען דאָ רוען.
שפּעטערע עולים
וועלן דאָ וווינען.
מען קומט מיך שוין פרעגן
מכוח אַ רעגן,
בהלכות געּרעטעניש ן.
אין געטלעכע רעטעניש ן
בין איך פאַרטועּן.

## באַזוכן

אַ קעצל — אַ גראַציעזע שנאָרערין
מיט סאַמעטענע שיכעלעך הייסע
באַזוכט יעדן טאָג דעם שכן —
צו נאַשן:
אַ קאַפּ לבניה פון פלעשל,
אַ שלוק פון אַ לעכערדיק פעסל.

רעגנצייט —
נאָך קערנדלעך צום עסן
שפרינגען אָן די נחליאלים —
פייגעלעך אויף שטאָלצע פיסלעך,
בייכעלעך ווייסע.

אַנדערע פייגל —
שוואַרצע קעפּ מיט טייוול־אויגן,
פאַרזיכטיקע עקן —
פלינדערן:
די טרוסקאַווקעס, שסק.

## רעגנבויגנדיקע פייגל

מיט לופטיקע שטיגן
לאָזן זיך אַראָפּ,
בעלי־פליגל :

איינער, וואָס פייפט,
דער שלדג,
אין טורקיזן פראַק,
דעם צעגלאַנצטן.

איינער — געשטרייפט
און איינער —
אין פּאַסן אינגאַנצן,
דער שנאָבל — אַ שטעקן,
אויפן קאָפּ —
אַ פעדערן־טשיפּיק.

ניי־געבוירענע,
היפּען אויף אַ צווייגל,
פאַרבן — בליציק.

רעגנבויגנדיקע פייגל,
אַרויסגעפלויגענע
פון לידער, אַנעקדאָטן, שפּרוכן,
זיי אַלע קומען
אונדזער גאָרטן באַזוכן.

# דאָס ווייסע רעטעניש

— ווער זענען זיי ?
דאָס ווייסע רעטעניש. אַ חלום. שניי.
צאַרטע בושלם ? ווילדע גענדז ?
צי אינדיקעס אַנטלאָפענע באַצייטנס פון אַ לול ?
ס'איז שטיל. העל.
מיט סודותדיקע האַלב-דערשימערטקייטן
ווערט דער גאָרטן פול.
זיי דערשיינען אומגעריכט פון וועלטן אַנדערע.
פאַרשווונדן פלוצלינג —
געהיימע וואַנדערער.
זייער שטאָלץ נישט צו דערשיטערן,
דעם צויבער פאַרהאַלטן,
גיי איך מיט זיי לייכטע פוסטריט,
דעם אָטעם איינגעהאַלטן...
ברויט ? צי וואַסער ?
עפּעס זוכן זיי גראַציעז, פאַרטראַכט —
די צייט הענגט אויף אַ פליגל-פלאַטער
זאַלבע זיבן, זאַלבע אַכט —
שפּאַצירן זיי אַריבער צוימען, דראָטן, אומגעשטערט —
שוועסטערשאַפטן! חברשאַפטן — רירן-אָן די ערד.
מיט דעם דערשיינען זייערן,
דערוואַכט אין אויגנבליק:
אַ טרוים, אַ האַלב-דערשטיקטער, וועגן גליק...
אַ האָפענונג-געמיט
אַ רו, וואָס פליט,
מיט ווייסע אינדיקעס, בושלם, ווילדע גענדז...
דאַן פאַרשווונדן זיי:
אַ רעטעניש אַ ווייס. אַ חלום. שניי.

## א פעלד

דאָס פּיצעלע מדבר
וואָס האָט דאָ געגליט
ביי דער שוועל,
איז געוואָרן: אַ פעלד —
דורך בלעטער, בליעכץ,
זע איך די וועלט
און ס׳הארץ איז פול
מיט געזאַנגען יונגע;
עס קלאַפּט מיטן וואָלקן,
לייטערט זיך אין טוי —
ווייל איבערלעבן נאָכאַמאָל
דאָס ליד פון הונגער
איז חלשותדיק, גרוי.

אַ פעלד —
מאַגנעטישע וועלן.
אין לאַסטן
געשפּאַנט, געבויגן —
דאָס אָפּבילד פון פלאַנצן,
שתילים,
באַצירן דיר תמיד ווי ברילן,
די אויגן —
גרינע וויעס
אַקעגן דער זון, דעם ווינט,
אין פעלד —
דורך בלעטער, בליעכץ,
קוק איך אַצינד
אויף דער וועלט.

## דער ניסנבוים

אין מיטן דעם ביטערן
ווינט, וואָס שעלט —
אַ גרין ביימעלע אַ דינס
אין אַ שטיינערדיק געצעלט.

אַ דאַנק, אַ לויב:
אין דעם שיפּן בלאַט —
ברויזן שטאָפּן
פון אַ נייעם קלימאַט.

ער טרייסלט, דער בוים
מיט טראָלדזן, פּעכער —
בלאָזט אין פענצטער,
פאָכעט אויף דעכער.

אַ לופטיקע שפּיגל־שיף —
אַ ווינטיקע מיל,
שטראָמען זיינע שאָטנס —
קיל.

ער שיסט מיט נים
פליט אין וואַקסן.
וויגט אַ באַרג ליכט
אויף די אַקסלען.

וויגט די לבנה,
וואָס שווימט דעליקאַט —
אַ פּעדערל, אַ דינס
פון בלויען פייגעלע — שלדג.

## א חקלאית געוואָרן

אַ חקלאית בין איך געוואָרן, אונדזער גאָרטן — אַ מוסטער —
די טרוסקאַווקעס שטייגן צו דעם דאַך אין אַ געוועט.
איך בין מקנא דאָס פייגעלע, וואָס זינגט אין די קוסטן —
אויף אַן עפּלבוים הענגט זיין בעט.

דערוואָרגן בין איך אין אַ שטח; ענגשאַפט.
אויף שורהלעך באַלאַטן פרייע, פּויזעט די בענקשאַפט,
אַ שאָטן מיט פיר פֿאָלעס האָט געכאַפּט מיין חלום.
ווי טרעפּן־בלאַקן וואָלקענען די בערג פון יהודה — זייערע
טאָלן.

זענען קעלער־זאַלן —מייד איך זיי אוים:
די וויזיע שוועבט אויף שטאָקן אין אַ לופטיק הויז —
דיווירקלעכקייט — זי שטרייט מיט גלגולים: פּליט, פאַלט
עלאַסטיש —
(ווענדעט אָן — נישט־ווילנדיק — די יאָגאַ־גימנאַסטיק).

אַ חקלאית בין איך געוואָרן: דער גאָרטן — אַ מוסטער —
די טרוסקאַווקעס הויבן זיך צום דאַך אין אַ געוועט.
איך בין מקנא דאָס פייגעלע, וואָס פלוידערט אין די קוסטן;
אויפן נוסבוים האָט עס אויפגעשטעלט אַ בעט.

# מיין טאַכטערס כּעס

פאַרצווייפלטע, אַרבעטלאָזע מיידלעך
געפינען אָפּט אַ וועג פון האַם.
מיין טאָכטערס כּעס —
פאַרמעסט זיך: איבערשאַפן דעם ערד־קיילעך —
מדבריות מיט סעלעדינע באַרג־שפּונען.
דאָס לאַנד: פון אַ פּאַלאַץ, ביז אַ מינדסטן שכון.
שטיינערנע מושליעס פּולסירן.
זי קנעט, פלעכט, צייכנט, זילבערט, לאַקירט
און גילדט־אָפּ די וועלט אין פיליגראַנע ראַמען.
פון אירע פינגער שפּרינגען אַעראָפּלאַנען,
צום וואָלקן.
זי קאָן באַפרייען פייגל פאַרפאָלגטע —
מען זעט זיי אין אַ גליקלעך שוועבן.
אירע ביימער רוישן מיט לעבן.
אַפילו די שוואָמען.
פון ים־סטענגעס טויכן־אויף פאַרגעסענע רוסאַלקעס.
סירענעס — האַלב־מענטש, האַלב־פיש.
אַ נעגער — פענאָמען
טאַנצט אויף אַ טיש
און דרייט מיט די אויגן־גאַלקעס.
מאָכיקע גאָרילעס לויפן
ווי פון אַ פאַרפלייצונג.
ביטער־קלוגע, שמייכלען אירע פאַרביקע לצים,
אין קעניגלעכע הויפן.
געישעס. קימאָנאָס. כינעזישע בלומען. אַ צאָפּ.
באַלערינעס. פריזורן — זאַנגען.
אַראַבערינס מיט קרוגן אויפן קאָפּ.
געזאָטלטע אייזלען מיט קאָרבן.

קאַראַוואַנעס קעמלען טרינקען־אָן די האָרבן:
אין אַן אָזיערע פון גלאָז,
שפּיגלט־זיך: אַ האַלדז, אַ לאַנגער,
אַ דיקע, וואָלענע נאָז...
אמתע נאַרציזן ווערן בלאַס —
קעגנאיבער מיין טאָכטערס קרישטאָלענעם כעס...
1958

## מיין ענגע שטוב אין בית־דגון

מיין שטוב קרייזט מיטן זון־סיסטעם צוגלייך, אויטאָמאַטיש,
גיך:
איין מעבל־שטיק באַוועגט דעם קליינעם חלל פון מיין קיך;
ביינאַכט איז עס צום שלאָפן — אַ מין שטייג, באַצויגן העל,
בייטאָג: אַ טישל און אַ פיש־ברעטל, אַ שענקל, אַ פאָטעל.

פאַרביקע מזלות — טאָפּל־סלאָיען קאָלירן,
קרייזן אין מיין שרייב־טיש, אין גלאָזן, פאַנירן,
מיין טאָכטער דעקאָרירט אים מיט גלאַנץ, פּאַראַד,
ווערט מיין שרייב־טיש פאַרוואַנדלט אין איר מאָלער —
וואַרשטאַט.
דער פּריזשידער אין שטוב, ער לויכט מיט כבוד אין די אויגן,
אַ וואַנט האָט זיך פאַרנויגט פאַר אים, אַ סטרונע אָנגעצויגן,
זינגט ער עלעקטריש אין נעכט, אין זיינע גראַמען טיפע —
שווימען אעראָפּלאַנען, שיפן, וועקסלען זיך לאָקאָמאָטיוון.

אַ ווינקל: לאַנגע שנורן, שאַלטערס, טשייניקעס און
פּרעסלעך —
דאָס איז די מינירטע, געפערלעכע פעסטונג.

אויף פּאָרזיכטיקע סטעזשקעס, אין גערולדיקייט־רעזערוון,
פירט מען פאַר די שפּיצן הערנער, די געשפּאַנטע נערוון.

אין בליץ פון קאַטאַסטראָפעס, קאָנטאַקטן מיט קורצשלוסן,
שפּרינגט מען אַדורך עלעקטראָ־טעכנישע קורסן.
אַדורכצוגיין דאָס צימער און צעשטעלן די געלעגערס —
פאָדערט זיך פּאַקירישע סטראַטעגיעס.

## הארבסט אין בית־דגון

די זון ווארפט־אַוועק אירע שלייערן
אין די בערג.
עמעץ צינדט־אָן צעפיבערטע פייערן
אין די בערג.
עס פאַלן שטורקאַצן,
עס פלאַקערן שייערן.
מיט אַ פּויק און מיט טאַצן,
טופעריי פון חילות, ארמייען מיט פּאַלקן,
וואַלגערט זיך איבערן הימל אַ וואָלקן —
נאָך אַ קורצן פאַרביסענעם קריג,
שיסט־אויס אַ האַלבער רעגנבויגן
אַ האַלבן זיג.
קיינמאָל איז נישטאָ גענוג זיג —
נישט גענוג.
שטראָמען ליכט
און נישט קיין שפּיגל,
קיין קרוג —
אייקאַליפּטוסן וואַשן זיך די געלבלעכע אויגן,

אין פלאמיקייט,
לײדיקייט,
ווינט.
א קלעמאנטינע גליוועדט אין חמסין,
סעלעדין —
באנאנען-בלעטער חלשן פארדארט.
א פאררעטערישער שפינוועבס
נעמט ארום די ביימער,
פארדעכטיק — צארט
צי האבן אויך די בליציקע זיג-זאגן געהיימע,
גענארט?

ערגעץ ווייט, אונטערן פארהאנג פון נעפל,
אויף יענער זייט, זון-באגילדטע וועגן,
ערגעץ נאענט, איבערן טויער פון דער געגנט —
רעגנט.

# בית־דגונער כראניק

## די אָרעמקייט

די אָרעמקייט לאַטעט
מיט פאַרבן בונטע:
טויערן קרומע,
הייזער צעפלויגענע,
גאַסן — נישט געשטויגענע
איינער דעם צווייטן,
וואַרפט אונטער
טרויערן שטומע.
רויע כבישים
דאָס פנים אויף צוריק —
אויסגעדרייטע,
ברומען,
שטויבן,
פאַרפלייצן די אויגן.
אומגעלאָשענע קאַלעכן
פאַלן פון הימל —
חמסינען.

# אַ פּאַרק

אַ הייזקע,
אַ בערגל,
באַבערדלט אַ גערטל
אייקאַליפּטוסן רוישן —
ביים אַריינפאָר אין דאָרף —
עקזאָטישע פייגל
באַוויינען די צווייגן
פלוצלינג:
אַ פּאַרק, אַ גרויסער,
אַריבער די שפּיצן פּרדסים.

ער הודזשעט, דער פּאַרק
מיט מאַנטלען גרינע,
טליתים,
סעלעדינע,
נאָר קיינער וויל נישט באַטרעטן
זיינע סאַמעטן, זיידן.

פאַר וועמען הודזשעט דער פּאַרק?
אפשר וועט דער ראש-הכפר
דאָרט אָוועקשטעלן בעטן?
אפשר וויל אַ טוריסט
אַ שמעק-טאָן פון ווייטן,
די סאַמעטן, זיידן? —
אומבאַוווּסט:
קילאָמעטערס פון דאָרף
הודזשעט אַ פּאַרק,
אַ צעבלימלטן גרוס...

## אין בית־דגון אויף א חתונה

אין בית-דגון, אויף אַ חתונה,
אין מיטן דער נאַכט,
אין אַ גאָרטן, אויף פּאַלמע-ביימער,
האָבן לאָמפּן געלאַכט,
די כלה האָט געשוועבט
אין אַ בלעטער-געוועב,
געשטיקט מיטן האָפט
פון דער לבנה.

טישן מיט אויבסטן,
חלות מיט מאָנען,
בלומען — אַ סטויג,
געבראָזג אין גלאָז —
ווייַן אין גראָז.
און ווער עס האָט געהאָט אַ גוט אויג
האָט געזען אין די שטערן אויבן,
האָבן זיך נשמות פון פאַרשניטענע קרובים
געקליבן אין קרענצל,
צו טאַנצן דאָס מצווה-טענצל.

פּלוצלינג :
האָבן טשאַטעס ווילדע בינען דערוואַכט
פון זייער שלאָף דעם זמן —
זיי האָבן געטראַכט :
עס טופּעט אַן אייזל אין ווינט.
עס דרייען זיך ביימער געשווינד.
דערזען דעם טעות —

זענען זיי אַרוים פון דער פאַרבאָרגענער נעסט
אין גרופּעס
גלייך חתן־כלה אין פּנים,
געביסן די מחותנים,
געשטאָכן די געסט אין די אויגן.

אויף פליגל פון שרעק און בהלה
איז די חתונה צעפלויגן.

## ביי א פורל ברויט

ביי אַ פורל מיט ברויט
האָבן בעקערס זיך צעקלאַפּט.
האַלב־רומעניש
עברית
און אויף פּויליש:
פּרנסה! פּרנסה!
האָבן זיי געפּאַטשט:
אַ ברויט מיט אַ מעסער!
אַ קוילעטש!

פערד און וואָגן,
זענען זיך אַוועק אַ גאַלאָפּ,
ביז צום פּרדס —
דעם גראָז, פון די סעדער.
דער בעל־עגלה,
באַזונדער,
אַ וווּנד אין קאָפּ —

אַ תימנער קינד
איז אַריין
אין די רעדער. —

אַ מוטער
איז געבליבן באַטריבט
ביז די נעגל.

## מאָדערנע הויזדינערין

אַן אָרעמע פרוי אין אַ געשענקט קלייד,
קומט אין אַ הויז, צו משק-בית.

זי גלעט אַ שענקל, וואַשט אַ דיל,
עלעקטרישע קיל-שאַפע עפנט זיך שטיל.
זי הויבט-אויף די הענט צו אַ לאָמפּ פון קרישטאָל,
בלייבט זי הענגען פאַרכישופט, פאַרבלענדט מיטאַמאָל.

אַן אָרעמע פרוי ציילט אַ שעה צו אַ שעה
און אַ גראָשן קלעפּט זיך צו צו אַ גראָשן.
עס וויגן זיך איבער פּאַמעלעכע יאָר,
אין איר צימער שוין אויכעט די קליאָשן.

עס שימערן אויכעט קרישטאָלענע קרעלן,
שפּיציקע, הויכע פּאָטעלן,
שטאָפן געבלומטע אין פאַלדן
עס קומען פאַרגאַנגענע געשטאַלטן:

פּאַרנאַכט, אין די מעבלען — גלאַנציקע חותן,
אַ רב מיט אַ פּאָפּ, פירן שטילע דיספּוטן...

עס גרייכט צו דער ערד, זייער שאָטנדיק קלייד,
דורות דינסטמיידלעך האָרכן פאַרטייעטערהייט...

די מאַמע שטייט־אויף אין איר ליינען העמד,
פאַרשווינדט אין פלאַמען, פרעמד, פאַרשעמט, —
עס קומען די ברידער פון דער ווייטער וועלט,
זיי לאַגעריז מידע פון יענער זייט שוועל.

זיי אָטעמען, שאָרכן, עס פלאַמט דער באַגין,
אויף גאַסן הודזשעט אַן אויטאָ־מאַשין.
אַן אָרעמע פרוי אין געשענקטן קלייד,
קומט אין אַ הויז, צו משק־בית.

## אַ פרוי

אַ געשפּענסט אין בלוי
אַן אַ תקון,
בלאָנדזשעט דאָ אַרום אַ פרוי
אין הימל־געוועלבן,
פאַרטייעטע בליקן.
זי שפּרינגט, לויפט,
געסל איין, ווינקל אויס —
אַ פויגל,
וואָס קאָן נישט
פון דער שטייג אַרויס.

פאַלט אויף פליינען,
שוועבט איבער גריבער,
בערגלעך, מיט מצבה־שטיינער,

בויגט זי זיך איבער
שלוכצט אַ צייט —
מורמלט אַלץ די זעלבע,
אומפאַרשטענדלעכע רייד:
אַנטרינען
דעם גהינום.
אַנטלאָפן
דעם געטש.
דאָ יאָגן דיך: שלאַנגען, קעץ.
מענטשן — פויזנדיקע פלאַמען.

געוואַלד!
באַלד:
גיסן זיך אַרויס
די ימען
מיטן אויג — אַ פינטל:
דער ערד-קויל — צעשיט!
אַ צאַפּל מיטן קאָפּ:
דער אוניווערס צעפּליט!
עס בליצט אַ פויסט!
איך וויל אַרויס!
איך וויל אַרויס!

היות:
די שיך אויף אירע פיס זענען גאַנץ.
און די קליידער אין בלוי?
אויך די קליידער — זענען נישט צעריסן.
ווייס מען נישט:
צי איז זי פון זין אַראָפּ, די פרוי?
אפשר האָבן זי די בית-דגונער בינען געביסן?

## דער ווייסער אלמן

דער ווייסער אַלמן,
דער אַלמן, מיט די ווייס־גרויע האָר —
ער האָט זיך פאַרליבט
גייענדיק צוריק פון בית־עלמין,
נאָך אַ לוויה,
האָט ער זיך פאַרליבט,
אין אַ בוגרת פון דרייצן יאָר.

„אַלטע מיידלאַך"
הוסט ער,
ווינקט ער —
זיי אַלע,
האָצקען איבער אַ גרוב!
ער האָט זיך געפּעדערט
דעראַבערן זיין כלה —
ווען אירע טאַטע־מאַמע,
זענען נישט געווען
אין שטוב.

## פרילינג אין בית־דגון

פרילינג אין בית־דגון.
דער פלוימענבוים
אין שניי.
דאָס ווילדגראָז,
אין מעש.
אין ווינטל הוילן

אויף שטריק שטיקלעך וועש.
און אייזעלע שפרינגט
צו דער זון וואָס שיינט.
אַ פייגל־כאָר טרילערט,
אַ שעפסעלע וויינט.
די ממטרות,
זיי שפּריצן:
רעגנבויגנדיקע רעדער.
פון פיצלעך
בלעכן, דראָט,
צוזאַמענגעדרייט
שפּאַרן זיך די לולן און
אין קינפּטיקע סעדער —
אַ האָן טרינקט:
אין וואַסער
פייערט זיין קאָם.
עסן! עסן! עסן!
פּאָדערט אַ גאַנדז.
שטילע אָפּהילכן
פון ערד־באַשאַף,
קליינע עכאָס
פון דונערן, בליצן —
קאָלערן זיך אייער אַראָפּ
אין די קעסטלעך,
פון אונטער די הינער
וואָס זיצן.

# א שטיל שלאכטפעלד

## א תפילה

אָ, גאָט!
פון די פאַרצווייפלטע!
האָסט געמונטערט מיין האַרץ
אין די מלחמות.

פון אַ טיפן היפנאָז,
געוועקט מיין נשמה,
געלייטערט מיין בלוט,
דאָס פאַרגיפטעטע,
פון בים פון צפע —
געקעסטלטער שלאַנג.

געלאָשן, געהיילט
אָפענע ווונדן;
לינקע שלייף,
רעכטע האַנט.

לענדער רויכיקע,
שלאַכטפעלדער הייסע —
האָסטו אַדורכגעפירט
מיין איינציק קינד.

אָ, גאָט!
פון די פאַרצווייפלטע!
גיב מיר כוחות!
לאָז מיך נישט פאַלן אַצינד!

## א שטיל שלאַכטפעלד

א שטיל שלאַכטפעלד
פירט צו מיין טיר.
א שטיל שלאַכטפעלד
אויסגעשטאַט רייך:
געכפּלטע דורשטן,
הונגער אן א שיעור,
לויערונגען,
טרויערן —
אווירבלדיקער טייך.
רעפּעטיציעס —
האַלב-געלונגענע טויטן.
מאַנסטער,
שאָטנס,
גזלענען פריי,
דעם פרילינגדיקן בלי,
פון מיין גייסטיקן גאָרטן.
גלאָצן,
שפּיאָנירן:
פאַרקלעמטע טירן,
פאַרצוקטע שלעסער.
שונאים — ציינישע הויטן —
מאַסקעס — קאַפּויער
א שפּריץ פון א פלויער —
א טראָט צווישן זיי
אויף א מעסער.

## דאָס מאַלצייט פון די אומבאהאָלפענע

דער טיש
איז גרייט —
געענדיקט מישן
דאָס מאַלצייט.
פון וואָס עס באַשטייט?
קערנדלעך היפּנאָז,
אַ זיפץ,
אַ בלאָז,
גערוכן פון תּפילות,
כּשוף,
שפּרוכן.
גאָב פון געטער:
ווייִרויך,
טרוים —
עס וואַקסט אַ בוים.
שוים
פון קרייטעכער,
געלע בלעטער,
טרערן געדעמפּטע,
נערוון אויסגעקעמפּטע,
נסים, וואָס פאָדערן:
בלוט פון די אָדערן.

דער טיש איז גרייט —
אַ טרויעריקער קווייט,
אַ ווייסער בלאַט.
אויפן טיש —
כּמעט גאָרנישט.

## די ציוויליזאַציע שוועבט

די ציוויליזאַציע שוועבט מיט קאָסמישע פליגל —
און איך פלי איר נאָך אין חלום, אין געדאַנק.
נאָר אין טעגלעכן גאַנג —
געפּאַנצערט צעברעכלעך אין שטאָף פון אַ שפּיגל,
קריך איך איר נאָך ווי אַ שווערע טשערעפּאַכע:
וויפל יאָר מייסטרעווע איך פון וואַליזעס אַ שאַנק?
פאַרריכטן אַ שוך? אָ, דאָס פּראָבלעם רויבט־אַוועק ביי מיר,
וואָכן.

ביז מיר קומט־אויס צו באַנייען אַ מאַנטל —
דרייען זיך מאָדעלן איבער לענדער אַזוי לאַנג,
ביז עס ווערט צוריק מאָדיש מיין אַלטער פּאַלטן.
מלחמות. פלאָס. בעטאָנען — ברוכוואַרג, שטיגן פון ליים —
אַזאַ איז דער וועג צו מיין היים.
און ווער האָט אין זיג, צווישן פריינט, אַ פאַרבליפּטע,
אַדורכגעקרענקט אַ טאָפּל־פּאָרציע כעמישע גיפטן?

ליגן שלאָף? — אַ געמיטלעכער, מילדער באַגריף.
זעלטן עפן איך אַ בוך. סיידן — אַ שיף
טראָגט מיך. אַ וואָלקן פול מיט באַשייד.
ביז צום גלאַנץ פון אַ שויב, צו די כוואַליעס פון זייד,
אַ יאָגעניש, אַ ראַנגלעניש מיט פיר איילן אייביקייט.
ביז צום טעם פון ערשטן מאָלצייט אונטער אַ דאַך —
באַווייז איך צו דעראָבערן אַ שפּראַך און אַ פאַך.

ביז מיין בוך דערגייט צום דרוק — ווערן אָפּגעמעקט:
קאַלענדאַרן, רעזשימען, צענזורן, סטילן —
(אומפאַרענדערלעך ברויזן נאָר טרערן שטילע...)

די ציוויליזאַציע שוועבט:
פּלאַצן שימערירן אין חלל, גאַלאַקטיקעס בליען —
וויפל קאָסמישע ליכט־יאָר דאַרפן פּאַרפליען,
אַ מענטש זאָל דערגרייכן אַ לאָמפּ ביי זיין בעט?

תל־אביב, 1963

## די איינזאַמקייט

די איינזאַמקייט ציט ווי אַ ברונעם,
קעגנאיבער פייער־זונען —
געפּאַנצערט אין דעם האַרטן באָדן,
אָן קיינעמס שאָדן.

די איינזאַמקייט פאַרשטעלט זיך פאַר אַ קוואַל,
ריזלט שטיל, געבונדן מיט אַ שטראַל —
אַ שטראַל, וואָס האָט אין פלי פון זיינע וועלטן,
געקריצט זאַמדן, געשניצט פעלדזן.

די איינזאַמקייט גרוסט ווי אַ בוים,
וואָס גיט־אַזוינק די פרוכט דעם טרוים —
אַזוי איז דעם באַפליגלטן באַשערט:
ער לענט־אָן דעם קאָפּ אָן אַ וויטן שטערן,
איז מתפלל: נישט פאַרצוקט צו ווערן
דורך קליינע ברואים, אויף דער גרויסער ערד...

## אַ שווערער עקזאַמען

יאָרן נויט!
אָ, איר האַרצלאָזע לערער!
ווי אַזוי
איבערכיטרעווען
דעם טויט?
יסורים שווערע?

אויסקויפן,
לויפן,
שפּרינגען,
איבער הייסע בלבולים —
פלאַמענדיקע צונגען —
אַ שׂרפה־שיין קילערע —
פון פּיסק,
פון גוייִשע שייטערהויפנס?

הענט און פיס פאַרוווּנדעט
פאַלן אויפן פּנים —
נשמה־אימפּולסן,
באַנדאַזשירן
אַ רויִנירטן חלום.

אויסצושאַלטן
פון טויט:
דעם ביסן ברויט,
עפּיטעטן — קאַטאַסטראָפעס
פאַר געשטאַלטן,
וואָס ווייסן נישט

אין סוסאַטאָכעס —
דעם גייסט צו דערנערן,
דעם גוף צו דערהאַלטן?

יאָרן נויט!
לגבי די האַרצלאָזע לערער
האָב איך אויסגעהאַלטן
דעם עקזאַמען —
יסורים שווערע!

## דאָס יאָר

דאָס יאָר
דעם ווינטער —
וועקט זיך אַ פרילינג, אַ לינדער
פייגל האָפּסלען,
געשוואָלענע קנאָספּן,
טרעטן אַריבער:
אילוזיעס,
נעפּלען,
די ערד —
נעמט זיך אירע צעקלעפּטע
טראַנספּוזיעס
אָפּגעריסן פון יאָר
בלעטערן זיך קברים —
האַלב-אָפענע ספרים.

אַ נאָרמאַלער מענטש,
מיט נאָרמאַלע האָר,

פלוצלינג:
נעמט פּאָכען זיין שיידל —
אַ קונציקער צילינדער
עם פאַלט אָפּ:
אַ גאָט —
גראַווירטער באַנקנאָט —
אַנדערע פּאַפּירענע פאַרבלענדענישן.
דאָס יאָר
האָט דער מענטש זיך געענדערט.

## קעגנאיבער מיינע שויבן

קעגנאיבער מיינע שויבן
דרייט זיך דאָס אינדזל —
אַ גאַס
אַ פאַרקערטע.
פּראָמענאַדעס,
באַלוסטראַדעס,
אויטאָסטראַדעס,
פריער —
אַ פּאַרקעט
פאַר ווילדע טויבן
אַ סך.

דיוואַנעס
אויף טעראַסעס
איבעראַנאַנדער —
שאָקלען:
אייביקן וואַנדער.

דאָס קריצן
אַ שטיין אויף אַ שטיין —
קלעטערט אויף שטאָקן,
אין הימל אַריין,
אַעראָפּלאַנען איבערן דאַך
שלעפּערן איין —
אַ פאַרבלאָנדזשעט געוויין.

## פ ר י ל י נ ג

פרילינג,
אַ זילבערן וועטער —
קלאָרע וואָלקנס געבערן:
שטערן.

אַ רעגן בערשטלט
ביימער, בלעטער,
אומדערהערטע קריסטאַלן,
צאַפּלען איבער דער ערדס פּנים.
אַ לאָגל טרערן
וויגט זיך אויף אַ קוסט.

אַ בושל
שטייט אויף איין פוס,
אין אַ פעלד —
אָפּגעשפרינקלט
מיט ווינט,
מיט זון,
מיט פרילינג.

1970

## עפיטאַף
### פאַר י. י. סיגאַל ז״ל

זיין וואָרט איז געפאַלן:
שיף, שפּאַר,
שטראַלנדיק־קלאָר
ווי אַ פרילינג־רעגן.

און טרעפט אַז אַ דיכטער
פאַרבלאָנדזשעט
אין אַ וויסטער געגנט
אַרום און אַרום —
בילנדיקע שטראָמען,
געזאַלצענע קוואַלן,
קומט אים אַקעגן:
י. י. סיגאַלס אַ וואָרט, אַ ליד,
זעט ער: אַ טשאַטע טויבן,
זילבער פליט —
דערקענט אַ געברום פון זאַנגען
אויף עלנטע וועגן.

# לידער און סאטירעס

## אנטיפארטייאישער חלום

איינמאָל אַ טאָג:
ביים ערשטן ראָג
שדרות־רוטשילד —
אַ גרופּע יידן
שמועסן באריכות
וועגן וועטער,
גראַניט,
גליק.
אייביקער רום
פון די לוחות
האָט נישט אַנטוישט.
אַ זילבער־באָרד רוישט —
אַ שילד
פון שלום.
די יידן לאַכן,
שרייען:
אַמאָליקע פּאַרטייען
האָבן מיטגעהאָלפן זייען
שנאת־אחים.

דער חלום
פון אַ נאַכט צוריק —
וועט מסתם מקוים־ווערן:
אין הונדערט יאָר אַרום
וועט פּאַרטייאישקייט שוין זיין געגליכן

צום געטיילטן ברויז,
פון זינקענדיקע שיפן —
פאַלנדיקע שטערן.

אָדער —
פּאַרטייאישקייט
וועט פריער נאָך באַזייטיקט ווערן
אַלס דער מענטשהייטס אַ מום
און וועט אַרויס
פון דער מאָדע.

## אַ פאַרשטיינערטע טרער

דעם אָנדענק פון י. ציגציגאַטוס

אַ גאַס — אַן אָפּגעוואָרפענע הויט פון אַ שלאַנג —
אַ צפע.
אַ טויער אין פּאָרעם פון אַ צוואַנג,
אַ צעעפנטע.
דאָס אינדזל איז פאַרגעסן, טויט —
דאָ גראַסירן אינאיינעם:
משוגענע נקבות,
קאָשמאַרע זקנים.
אַ בוים
אָן בלעטער
קאַלעך־שוים —
דאָס וועטער.
די פרוכט שטעכט.
אַ ווייסע דאָרן־בלום

מאַכט זיך אויף אין די נעכט —
אַ בלום
אָן דופטן.
פאַרגליווערטע געביידעס
הענגען אין דער לופטן.
פאַרגליווערטע געביידעס,
מיט טרעפּ אָן באַוועגונג,
ווי בוידן, פאַרגעסענע אויף אייביק, אונטערוועגנס.

אַ שוואַכער מענטש,
איז אויסגעשטיגן,
דאָ, אין דעם ווינט, אַליין,
ער וואַקסט־אַריין אין די זאַמדן,
ווערט אַ שטיין.
עס פאַלט נאָך אַ טרער
ווערט זי מאָמענטאַל פאַרשטיינערט —
אַ פאַרשטיינערטע טרער.

## א בליק אויף די וועג־קאטאסטראפעס

1

וואס טוט זיך אויף די וועגן?
לאמפן ריידן
אין ווינט, אין רעגן.
פייער־פאנאראמעס
טוען זיך באוועגן.
בערג מיט שיין
ווי געטלעכע רעקלאמעס
אזויפיל שטראלנדיקע ליכט קרישטאלענע,
היטן דאס לעבן.
קאלירטע טאוולען,
געגלאזטע פונקען,
אותיות שוועבן:
היט דאס לעבן!
אלציינס:
ווונדן,
טויטע,
אונטער
אויטאס.
דאס צעטומלטע געביין,
די אויגן
שטאר —
דער צער.
קעגנאיבער אלע שיינע רעגנבויגנס —
אזויפיל צער!
אזויפיל צער!

## אַ שורה צום טעקסט

2

אַ מענטש אויפֿן ברוק!
אַ קלאַפּ אין דער שלייף!
צו האַסטיק
ווערן זיינע צרות רייף...

דער טויט
פֿאַרשפּעטיקט אַ מאָל —
טרעפֿט אַ לעבן
פּלאַסטיק...

פֿאַרגליווערטע טרערן,
צעשפּליטערטע נערוון,
נשמה־געוועבן —
גאַטס זאַלצן,
גלימערן, שוועבן,
אין גאַס.
שטיינערנער לייכטזין,
קאַלערט
בלוט אויף די וועגן.
אין ערדישע ספערן
דרייט זיך
אַ רויטער רעגן —
פּאַטום!
קרומער קאָדעקס,
די לעצטע שורה צום טעקסט —
אַ מענטש אויפֿן ברוק!
אַ מענטש!

## פון א משפט איבער א פארקער־קאטאסטראָפע

3

גראָע טאָוולען,
שווערע אבלען,
מיט די ווונדן
איינגעבונדן.
אַלטע טעמעס:
אויטאָ־סכעמעס,
גאַסן־שלענג.
— און די טאָוולען
שווערע אבלען,
מיט די ווונדן,
איינגעבונדן,
שוויַיגן שולדיק,
אומגעדולדיק,
שוויַיגן שטרענג.

טרעפט: אַן אות
נעמט דראָען, טומלען,
רייסט זיך אויס,
פון די געפֿאַרן,
פון עקדות,
שנורן טרערן.
וואַרפט אַ ריכטער,
אומגעריכט:
אַ וואָרט אַ שאָס!
ווערן עדות,
האַלבע מומיעס...
אויף די ערטער,

סעקרעטאָרן
דרייען ווערטער...

פּראָקוראָרן שטילע
(הערצער שוואַכע...)
מעצענאַטן קילע
לאַכן:
אַ באַנק
אַדוואָקאַטן,
יאָגט דעם קרבן,
כאַפּט די חורבה,
די געפאַלענע...
שלאָגט דעם שוואַכן,
מיט די שפּראַכן,
מעטאַלענע —
אויסגעשולטע,
ווי אַ תּקיף,
צו באַשולדיקן,
אומשולדיקע...
עס פּלאַקערט
געבילדעטער געדאַנק
פון וועלף!
גאָט פון אברהם,
פון יצחק, פון יעקב! —
העלף דעם אומגליקלעכן! העלף!

## „קנאת־סופרים" — נוסח „גראַפאָמאַפּיאַ"

**סאַטירע לזכר: אַ קאַשמאַרן לומפּן־ספּעקטאַקל, פון יולי 1950, אין פאַרלאַג: „יידיש־בוך" אין וואַרשע.**

1

„קנאת־סופרים"! —
„גראַפאָ־מאַפּיאַ"!
אַ פרוי מיט אַ קינד
אין די הענט
פון אַ מאַפּיע!
פּאַסטקעס, בלבולים,
געשפּינט, געשווינד,
קנאת־סופרים!
אַ שרפה, נעבעך, ברענט —
צוליב אַ פלעמעלע טאַלענט!
האַרצלאָזע ווייבער,
מענער אָן געוויסן,
גיפט אין שפּייכלער!
מען שאָקלט:
— אַ צוגעדעקטע שיסל —
דעם גלאָבוס!
פאַרביק, שטאָלץ איז וואַרשע!
נאָר זיי האָבן געירשנט:
דעם לעקיש, לאָבוז,
וואַמפּירישער וויץ
קובעבע ווערט געשטיצט.

2

אַלטער סאַלאַמאַנדער —
אַ ביסל טויט, אַ ביסל רויט

האָט איינגעהאַנדלט:
אַ שותפות שטיק ברויט
מיטן חבר „קולטור־ספּעץ" —
רב' פּלאַגיאַטאָר — גראַפאָמאַנאָוו — הצפרדע.
ביידע פגרן, שמייען,
אַ שפּרונג! אַ ווונק!
אהין, אהער —
צום קלינג פון אַ מטבע!
דהיינו: וויפל האָט איר אויסגעפּרייערט
פאַר אַזאַ מין: אַנטי־ציוניסטישן גרעפּץ?
פּלאַנירט, אָרגאַניזירט אַ יעזואיטישע מלחמה —
כדי: צעברעכן אַ פעדער! אפשר אַ האַרפע?
אויף אירע לידער און סאַטירעס זיך וואַרפן:
כאַפּ אַ קעפּל! כאַפּ מעטאַפערם!
טעמעס, שורות — לייכט צום נאַשן!
שטאָפּ־אָן די זכרון־טאַשן!
לקח! שלעפּ! ס'איז אַ מהומה!

3

די גראַפאָ־מאַפּיע לעכצט:
אַ ריינעם נאָמען — אַ פּאָן — צעטרעטן, פאַרשמירן...
אַן אייגן שטיקל ברידער־מאָרד — שפּירן...
(בטבע: פּלאַגיאַטירן...)
פּרוּווט אונטערוואַרפן אומלעגאַלע „סחורה" —
„כאַטשביק" אַזאַ פעדער אַרעסטירן...
די גראַפאָ־מאַפּיע וואַרפט זיך: (אין אַ „העלדישער" מורא...)
איר לעבעדיקן קרבן ליקווידירן...

# פאלשער דיכטער

**אויסטערליש: מיינע פאַרפאַלגער, די שונאים —**
**באַגלייטן מיך דווקא אַלס עפּיגאָנען!**

איך קאָן אַזאַ מין דיכטער:
רום און כבוד זוכט ער ניכטער —
מאַכט ער לידער לויט רעצעפּטן:
אַ ביסל ערד, אַ ביסל הימל,
אַ ביסל שטימונג (אויסגעוועפּטע...)
אַ ביסל אָפּגעוועלקטע בלומען,
אַ הויכן קרעכץ, אַ זיפץ אַ פרומען,
אַ ביסל זקנה, אַ ביסל טויט,
און צום רומל אַ שטיקל ברויט.

ער נעמט ביים פאָלק אַ ביסל צרות,
מישט צו אַ שטראַל פון דער לבנה,
כדי דאָס ליד זאָל שענער ווערן —
שטעלט ער צו אַ שטומען בוים
מיט אויסגעברענטע שטערן.

ער טאַפּט דעם דופק פון זיין ליד:
עס וואַקלט, הינקט, עס אָטעמט קוים.
באָרגט ער ערגעץ צו אַ גליד,
בלאָזט־אריין אַ פרעמדע קעלט
און שרייט: איך הייל די וועלט!

ער גיסט נאָך צו אַ לעפל ים,
וואַרפט־צו אַ קליינע דאָזע סם.

פאַרוויקלט אַלץ אין גוטן ווילן
אין שרייבער־קרייז צו זיין דער גרעסטער...
נאָר ביים אַראָפּשלינגען די פּילן,
ברעכט דער לייענער מיט גאַלעכטער...

## „קריטיק"

אין אַ ליטעראַטן־שטעטעלע, געבויט אויף אַ טריק,
איז פאַראַן אַ געוועלב, מיט אַ שילד: „קריטיק".
אויף פּאָליצעס וויאַנען ביכער צעבלעטערט —
אונטער די פּאָליצעס שווינדלען עטיקעטעס.

צעהאָנגען אויף שפּינוועבס, קוים־זעבאַרע שטריק —
די „פּ" (פּאַרטיי) שליסט יעדע רובריק.
און איבער דעם אַלעם, אין יעדן טאָן —
אויטאָ־רעקלאַמע, אַ לופט־באַלאָן,

שפּרינגט אין דער ריכטונג פון ווינט און פלינק —
אַ צמאָקע רעכטס, אַ מרוקע לינקס,
אַ נאָמען, אַ בוך, וואָס רופט אַליין ווי אַ געשריי!
ווערן צוגעדעקט די טאָוולען: איינס. צוויי. דריי.

פּרנסה? נישקשה: מען דאַרף זיך נאָר טויגן
וויסן וועמען פאַרקוויטשען, וועמען — פאַרשווייגן...
איבערפאַרבן, איבערמישן גרוי מיט בלוי.
דער שבח פאַר אַ דיכטער, למשל, אַזוי:

אשכנזישע פּיאות מיט ספרדישע דריידלעך!
אַ בעל־מופת! אַ בת־קול, פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט־געביידע!

כאַפּט סטענגעס! פּרעמדע פעדערס! היציק! בליציק! שאַרף!
ליריש-צוגעלענטע וויעס — ווען מען דאַרף...

קריטיק! קריטיק! — דער סוד פון הצלחה:
שתדלנות, שלח-מנות, אין דער שרייבער-משפּחה.
מיטן קאַנט פון אַ בוך, אַ זעץ אין אַ טיר
אַ קוזין, פון אַ פעטער, פון אַ ראש-העיר...

קריטיק! אַ רעצענזיעלע טאַנצט אויף אַלע פיר:
איך צו דיר! און דו — צו מיר!
אין ליטעראַטן-שטעטעלע, געבויט אויף אַ טריק,
איז פאַראַן אַ געשעפט: „קריטיק".

## די פּאַסאַזשירן

צו וואָס פּאַראַ גאָט
איז דער ריטעם פון זייערע הערצער געווענדט?
צו וועלכע זון־אויפגאַנגען
ציען זיך זייערע הענט?
פּאַרזיכטיק וויגן זיך שיפן,
ביי די ברעגן פון לאַנד, דעם ווייטן.
זיי — די פּאַסאַזשירן,
זיי טאַפּן מיט די בליקן די זעגלען,
ציען־איין דעם ריח פון ווינט אין דער נאָז —
ווי נאָר זיי דערשפּירן
אַ לייכטן בלאָז,
אַ פאַרדעכטיקן טשאַד פון שוועלן...
פאַרלירן זיי דעם קאָמפּאַס אין דער רגע —
(זיי וואַרפן אים אַליין אַריין אין וואַסער...)
שיפן דרייען־אויס די שנאָבלען, בלאַסע,
צו דער זון, וואָס גייט אונטער,
ווי אַ געלע מטבע פון מעש —
דאָרט גייט אויף זייער חלום.
נישט מער:
אַ באַגין,
בעתן טוליען געפרווירענע פעלן,
צום פלאַם, פון אַ פרעמדן קאַמין —
כאַפּן זיי אויף אַ פאַרבלאָנדזשעטע טרער
און מאָלן זיך אויס אויפן פּנים
אַ מאַסקע — טרויער...
מעגן שרפות דערגרייכן דעם מויער,
מיט שלאָפנדיקע קינדער,
פון זייערע פאַרשטאָרבענע ברידער,

זיי די פּאַסאַזשירן —
זיי האַנדלען דעם טאָג,
וואָס איז גרינג אויף דער וואָג.
ווען די זון פאַרגייט אין בלוט —
דערזעען זיי אַ גאָלדענעם רינג אויפן שניי —
עס איז מיר אַ רחמנות אויף זיי...

## פּ ע ק

מיינע ברידער, וואָס וואַנדערן אייביק אַהער, אַהין —
זיי וועקן נישט אין האַרץ פונעם שונא קיין שרעק.
זיי זענען מיט פּעק פאַרנומען,
זיי זענען די וועכטער פון פּעק.

זייער בליק לויפט אַרום אויף די זאַמדן
געקניפּט צו די שטריק פון פּעק.
פון זייערע צעפלויגענע קליידער
שלאָגט אַ קאָליר פון שרעק.

זיי לערנען אַרומגיין די קינדער
אויף פּעק, אויף וואַליזעס, ווי שטיגן.
אין קינדערס ליידיקע בעטלעך —
בלייבן ליאַלקעס, צעשראָקענע ליגן.

וואַקזאַלן שווינדלען, פאַרשווינדן,
דער הימל איז בלויז אַ מיראַזש.
זיי דריקן צום האַרץ אַ קוויט
פון באַגאַזש...

שטעט באַגעגענען זיי מיט רעלסן,
וואַגאָנען צו פירן פעק,
די שיף איז אַ שטייג — ווילדע מענטשן.
די ימען, דער רוים — אַ העק.

דער קאָפּ שווערט־אַראָפּ צו דער ערד,
ווי די אייביקע פעק.
דער חלום זיצט נעבן אַ טישל.
עס שרייט דאָס געפעס אין די זעק.

קליידער פאַרדעמפטע אין קוישן,
ציען זיך צו הויכע שאַפעס.
זיי שטייגן אוים תמיד אַנטווישטע
און פאַקן זיך באַלד אין די האַפנס.

זייער מאַלצייט דערמאָנט: מלחמה.
אַן ליבע גייט דאָס לעבן אַוועק.
קאָנען קיין פריינט נישט גרוסן:
פאַרנומען די הענט מיט פעק.

## בענק נישט נאָך ווענעציע

בענק נישט נאָך ווענעציע —
פּרעמדע מויערן שווייגן דאָרט טויט.
דו קאָנסט חלילה
דאַרפן באָרגן אַ ברויט.
היגער הימל וועט דיך דערגרייכן,
דורך בריקן אויסגעשטרעקט אין די טייכן.
אין אַ דעמערונג־שעה —
ווו איז די לופט אַזוי בלאָ ווי דאָ?

ס'וועט אַ היימישער שימער מיט קראַפט
פאַרבלענדן די זון, די שטערן.
בענק נישט נאָך ווענעציע —
אין דער היגער נאַכט
וויגן זיך גאָנדאָליעס — לאָמטערן.

פון וואַסערן פרעמדע, טיפע,
שטייגן היימישע, שטילע געשרייען.
בענק נישט נאָך ווענעציע —
פינקלענדיקע שיפן
שווימען דאָ אין אָוונט אויף שאָסייען.
דיין בלוט איז פון פייער אַרויס —
נישט רויט, נישט שוואַרץ.
דו וועסט נישט אַנטלויפן
פון אייגענעם האַרץ.

## די סופּער־קלוגע

אָ, די סופּער־קלוגע!
זיי דרייען אויף דער צונג
דעם דיאַגנאָז:
משוגע.

כוואַליעס באַנאַלקייט
שווימען
צום האַלדז.

באַהאַלטסט:
אַ שטיל געסיט,
אַ ליד,
אַ סוד.

מוזטו באַלד ווערן:
אַ באַוועגלעכער פּלויט.
קאַלירן:
וואַלף. סאַלאַמאַנדער.

אַנדערש —
אָ, די סופּער־קלוגע!
זיי דרייען אויף דער צונג
דעם דיאַגנאָז:
משוגע...

## מערילין מאָנראָ

מערילין מאָנראָ
דאָס קינד — פרוי,
מיט די שטראַלן — האָר —
געלויכטן אויף אונדזער פּלאַנעט —
במשך גאַנצע זעקסאונדרייסיק יאָר.

אַ ווייסער מעטעאָר אין ברענען —
אַ סטאַטוע פון אייז אין פרירן
אויף דער סצענע.
כוחות פון אייביקן שטרעבן,
גראַוויטירן
דעם קאַמף פאַרן לעבן.

אַ האַלבער דזשענטלמען,
שרייט: ער האָט געוווּסט.
אַן אומגליק פאַרמיידן
האָט אים נישט געגלוסט;
פאַלש, ווי אַ שלעכטע שטיפמאַמע,
רויבט ער איר רום פאַר רעקלאַמע...

אָ, צאַרטע שוועסטער!
געשטאָרבן פון אַ בליץ!
איינגעקוקט אין איינעם, דעם שענסטן, בעסטן,
נאָר ער האָט דיך באַדאַרפט פאַר אַ וויץ.
אַ וויץ פאַר זיין מגושמדיקן ווייַן, ברויט,
קלאָונישע הויזן.

איין מאַן האָט דיך פֿאַרקלאַמערט אין אַ האַרץ פֿון רויזן,
נאָך דיין טויט,
שוועבסטו ווי אַ רויזן־בלעטל,
איבער קרישטאָלענע שטעגן.
קולבאַק, מאַיאַקאָווסקי — די פּאָעטן,
אויף די וועגן,
פֿאַרבלאָנדזשעטע אין צאַרטער ליבע —
אויך אַנדערע קרבנות פֿון אַ סביבה,
און דאָס קינד — פֿרוי —
מערילין מאָנראָ.

# וואס איז ליבע?

**נערוון־דערשיטערונג**
**פאַרקערטע ריכטונג —**
**בליענדיקער, קאָנסטרוקטיווער פיבער.**

## מיין פריינט

מיין פריינט!
דער שפּיגל פון דיינע שוואַרצאַפּלען
איז שיין.
איך וואַנדער אַרום דאָרט כסדר,
אויף זוניקע שטאַפּלען,
אַליין,
פון יאָר, צו יאָר.
עס זילבערן מיינע קליידער,
עס רוישן מיט גאָלד מיינע האָר.
וואָס בינדט אונדז ביידן? —
אַ ליד —
מוט.
בלויז אפילו צו טראַכטן פון דיר,
בלויז אפילו צו בענקען נאָך דיר —
איז גוט.

# אין פאַרנאַכטן אזעלכע

אין פאַרנאַכטן אַזעלכע —
ווינטערדיקע, קאַלטע,
דער שניי מיטן געפּל
מאָלן דעם טרויער
אַ ווייס געצעלט.
אַ נאַקעטער ווינט
לויפט־אָן פון דער ווייסל,
וואַיעט אַריין אין דער וועלט.

אין אַזעלכע פאַרנאַכטן
געשעט אַ ווונדער:
די צייט פאַרלירט דעם זכרון,
פאַרגעסט אין דער נאַכט
דעצעמבער —
אַקאַציעס טוען־אוים
די שנייִיקע העמדער —
רוישן מיט צווייט געדיכט.
לאַמטערן הויבן אָן דעפּילירן
אין רויטע מונדירן —
ליכט.

אַ גלאַנץ פון פאַרגאַנגענע זונען —
באַפאַלט דאָס געזיכט,
צינדט־אָן די פינגער —
אַפילו דער ווינט,
וואָס האָט ערשט דאָ געוואָיעט,
פאַרגעסט זיין משוגענעם טרויער,
אין אַ פאַרביקן טרוים געפאַנגען

דערהער איך דעם שטילן קלינג —
פון זאנגען.

אין אזעלכע פארנאכטן
שפרייזט מען נאך דעם לויף פון הארץ
בלינדערהייט
נישט געטראכט.

אין אזא פארנאכט
ווינט איבער גליטשיקע וועגן —
פון וואנען קומט א קלארע לבנה אקעגן?
אזא רויִקער סקריפ
אין שניי?
פון וואנען ציט זיך די שטערנדיקע קייט
איבער בלויע געוועלבן אייז?
איך ווייס:
פון א פרילינג טיפן גלויבן,
וואס איך האב א מאל — א פארנאכט
(א ווינטער-פארנאכט, ווי היינט)
באגעגנט אין די אויגן —
פון א פריינט.

## צו דיר

איך ווייס נישט:
צי ביסטו אַ מענטש,
ווייל דו ביסט,
ווייל דו זאָגסט —
צי ביסטו אַ גאָט?
מיר דאַכט זיך:
דער סוד פון דער וועלט
רוישט אין דיין ברוסט.
אויף דיינע אַקסלען ציטערט דער פלאַם
פון פאַרגייענדיקן טאָג,
אין דיינע אָרעמס
איז גוט צו באַהאַלטן דעם קאָפּ
פאַר אַ שטורעם.
דו ביסט הויך,
די פאַרגייענדיקע זון צו דערגרייכן.

דיינע אויגן פינקלען
אין שטערנדיקע הייכן.
ווייט, קאַלט,
טונקל
ווערט דיין געשטאַלט.

די טעג זענען ליכטיק, גרוים.
שמעטערלינגען לאַכן פון מיר.
אין די נעכט
בויגט זיך דער הימל אַראָפּ צו דעם הויז
ווו איך וווין —
די לבנה וויינט אין דער שטיל

איבער מיר.
ווערן מיינע הענט אויך לבנהקער שוים
און ווײנען מיט מיט איר.

איך ווייס נישט ווי אַזוי:
די גאַנצע ערד
פליט־אָפּ ערגעץ־ווו אַהין
מיטן הימל
וואָס לייטערט זיך —
אין מיין טרוים
שווים איך אַוועק צו דיר.

## ביי אונדז אין דעם צימער

ביי אונדז אין דעם צימער
איז פרילינג אַצינד:
ליכטיק, שטיל,
עס שימערט דער דיל
אין אַ שטראַליקן ווײכער.
רויִק, זיכער,
איז דער באָדן אונטער די פיס.

כ׳האָב נישט געוווּסט
אַז אונדזערע הענט
זענען פליגל.
מיר פלאַטערן אַרוים פון אַ שפּיגל.
באַלד ווערן מיר אָדלער,
פליען:
איבער מדבריות,

שטויביקע וועלטן.
שטילקייט איבער
אייז־געוועלבן.
צוויט. מאי.
אַ גרינע זאַווי.

## ווען דו קוקסט אויף מיר

ווען דו קוקסט אויף מיר —
ווער איך שטום
און בלייך.

דו קוקסט אויף מיר —
דיין בליק וועבט־אויס
אַ פאַרכישופטע טיר.

שוועב איך אַדורך
אַ לבנהדיקן סאַד.
ווילדע סאַרנעס פאַרליבטע,
שפּאַצירן אַרום אין אַ ראָד.

מיינע האָר
ווערן לויטער שיין,
פון לבנה אַדורכגעבלענדט.

מיינע פּשוטע הענט,
זענען מער נישט קיין הענט,
נאָר בלומען צווייַ,
וואָס ציטערן ביי אַ טייך.

ווען דו קוקסט אויף מיר —
ווער איך שטום
און בלייך.

## דער עלנט זוכט אונדז

דער עלנט האָט אונדז באַגלייט
אויף אַלע געקרייצטע וועגן.
געיאָמערט אין אונדזערע טריט,
פאַרלאָפן דעם וועג,
באַגעגנט
ביי אָפענע גריבער.

מיין פריינט!
דער עלנט,
ער זוכט אונדז נאָך היינט,
נאָר די שוועל פון אונדזער הויז
קאָן ער שוין נישט אַריבער:

אונדזער שוועל איז געוואָרן אַ בריק
מיט דורכזיכטיקע פיליאַרן.
טייכן האָבן אויסגעדרייט דעם שטראָם אויף צוריק
און פליסן דורך אַלע געפאַרן.
אַרמייען האָבן דאָ מאַרשירט.
אין ברידער־קברים האָבן זיך ביינער גערירט,
דערוואַרעמט, באַרוישט,
פון אונדזערע טרערן הייסע.
שטעט זענען אַוועק מיטן רויך.

הייזער — אויפגעשטאַנען
תחית־המתים.

פרילינגדיקע וועלדער האָבן אונדז דערקענט,
גערוישט אין פיר ווענט,
זיך צו אונדז געבוקט.
ווייטע לענדער האָבן זיך צונויפגעקלעמט,
דורך דעם צימער אַדורך,
אין דערינערונג שטום.

מיין פריינט!
דער עלנט, ער זוכט אונדז אַרום
אין דער הפקרער נאַכט.
אין שכורן ווינט.
אַרום דער קאַלטער לבנה,
וואָס שווימט צו איר ציל און שווימט.

## אַ פרעמדער ווינט

אַ פרעמדער ווינט
האָט זיך אַריינגעכאַפּט
צו אונדזער טיש
און אונדזער רו צעווייט.

בייזע מענטשן
האָבן גאַל אַביסל
צוגעמישט.
בייזע מענטשן
האָבן גאַל אַביסל —
שטענדיק אויף די בייזע צונגען גרייט.

נאָר איך ווייס:
אין אַ פֿאַנצער פֿון אייז,
גליווערט דיין האַרץ
אין פֿאַרלוירענעם גליק —
די בענקשאַפֿט, אַ מידע טויב,
פֿלאַטערט אַרום דיין בליק.

דערוויל:
גראָבט די נאַכט צווישן אונדז אַ הייל
און רייסט די שעהן.
נאָר די פֿינצטערניש מוז דאָך צעשווימען.
ליכט איז ריין.
אין מאָרגן־שיין,
איז פֿאַרקוקט די פֿרייד פֿון לעבן.
ליבע
וואָס איז אייביק צאַרט,
אייביק ניי —
וועט בלייבן.

# דאָס וואָרט

עס איז געפֿאַלן פֿון מיין מויל דאָס וואָרט.
דאָס וואָרט,
וואָס איז גערעכט
נאָר קאַלט ווי שטאָל.

עס טרעפֿט אַמאָל
אַז אַפֿילו דער אמת
איז שלעכט.

כאָטש עס איז פֿרילינג געווען,
מאַי —
האָב איך פּלוצלינג דערזען
אין דיינע אויגן:
שניי.

וואָס זאָל איך טאָן,
צוריק דאָס וואָרט אין קעל צו פֿאַרשליסן?
ווען אַ וואָרט וואָלט געווען אַ בלום,
וואָלט איך עס זיכער צעריסן,
דעם ווינט אַוועקגעשענקט.
ווען אַ וואָרט זאָל זיין אַ בלום,
וואָלט עס אַליין פֿאַרוועלקט
אין דיין זכרון...

און אַזוי,
וועל איך בלאָנדזשען אַליין,
טעג, יאָרן,
קיין מענטש וועט מיך נישט דערקענען.

כ׳וועל אויסוואַקסן נעבן אַ שטיין,
אַ ווילדע בלום
ערגעץ ווייט פון אַ פעלד מיט קאָרן.
וועט דער ווינט פון מיר לאַכן, שפּעטן,
די זון וועט מיין האַרץ פאַרברענען,
דער שטורעם וועט מיך צעטרעטן.

## זכרון — פעלדזן

זכרון — פעלדזן, אָנגעצונדענע מיט שטערן —
פאַרגליווערטע לאַוועס געלאָשענע טרערן —
נישט צום באַזייטיקן,
נישט צום פאַרגעסן —
די צייט האָט נישט פאַרצייטישט.
דער גורל — נישט צעפרעסן —

מאַגנעטיזירטע כוואַליעס זכרון:
אומדייטלעכע
בליצן פון קאָסעם.
פעלדער ברויט.
אומברחמנותדיקע
גראַוויטאַציע
צווישן לעבן און טויט —

אויף שטראַליקע סקאַלעס זכרון:
עלעקטריש־אויסגעקריצטע געביידעס,
טוקן זיך אין ימיקן קאָך.
עס שוועבט גאָטס אָטעם
און עס שפּיגלט זיך כסדר:

אַ צאַרטער שימער פון אַ פליגל־פּאַך,
אַ דעליקאַטער שאָטן,
פון אַ זעלטענעם מלאך, אַ שיינעם.
אַ הימל מיט בענקשאַפט,
אויף זיינע ליפּן
און מיינע.

## האַלבע רעגנבויגנס

אייביק טליענדיקע פאַרבן.
אַ נר־תמיד ברענט
אין מיין האַרץ.
טרויער נאָך אַ חלום —
האַלבע רעגנבויגנס
פאַר די אויגן.
צי קאָנען הענטשקעס שוואַרצע
אויף די הענט,
פאַרלעשן קאָלירן,
וואָס ווילן נישט שטאַרבן?
ווי אַזוי
פאַרפּירן
נאַרציזן,
פלאַמענדיקע קלאָר?
טובעראָזעס
שווידערן
אין מיינע האָר —
און הענטשקעס שוואַרצע,
אויף אַ באַל קאַפּריזן.

אַ נר־תּמיד
ציטערט אין מיין האַרץ.
האַלבע רעגנבויגנס
פאַר די אויגן.

## ל י ד

אַ פאַרקלעמטער בליק
לייכט ווי אַ זינג־פויגל,
שפּרינגט ער צוריק —
פאַרשווינדסטו אין מדבר.
דערשיינסטו ווידער:
בלענדט אַ גאָרטן,
בליט דיין שאָטן,
פייערלעך, מילד
וויקלט דער הימל
דיין בילד. דיין בילד.

# דענקמאלן זינגען

## ביים קבר פון י. ל. פרץ

ס'איז אַ וואַרשעווער טאָג, אַ טריבער.
הינטער דיין גרויער מצבה
איז אונטערגעגאַנגען די זון.
אַ קראַנץ פון ליליעס ווייסע
פלאַטערט אין ווינטיקן פיבער.
צופוסנס דיין קבר
פאַרלאָזן, שטום,
אַ צעבראָכענע, אויסגעשעפּטע,
אַ געוועזענע שטאָט —
אַ מדבר,
מיט שטויב, ווינט פאַרפלאַנצט.
דאָס אַלטע בית־עולם גראָד
איז געבליבן גאַנץ.

* * *

ס'איז אַ געטאָ־טאָג היינט אַ טריבער.
אויפן הימל, דעם פלאַכן,
שווימען וואָלקנס מיט ווילדע העוויות.
ווינטן שרייען אויף זייערע שפּראַכן,
פּראַווען ווינטע לוויות.
ביי טאָג און ביי נאַכט
האָט דאָ געפלאַקערט די שלאַכט.
האָסטו דאָך אוודאי געהערט:
מיט בלוט האָט געבליפעט די ערד,
קוילנווארפער האָבן געשלוקעצט,
דעם שטאָלענעם דונער צום גראָם

האָבן קינדער אָנשטאָט מילך מיט צוקער
געטרונקען פלאַם.
עס האָט אויך אַמאָל געטראָפן:
(וויאַזוי וויים דער וווּנדער אַליין)
ס'איז אַ קינד פון דעם פייער אַנטלאָפן
צו דיין מצבה-שטיין,
און אין גראָז איינגעטוליעט, אין ליים
דערגרייכט דיין אַנטדרעמלטן אָרעם.
האָסטו אויפגעציטערט אין חלום —
געהיים
מיטן שאָרך פון ספרים,
גערויש פון בלעטער,
אַריינגעשווידערט אין געטאָ.
געטרייסט, געדראָט און געוואָרנט,
אויף פלאַמיקע שטאָפּלען געגלאַנצט.
דעם שונא געפעלן נאָר אונדזערע קברים —
דיין קבר איז געבליבן גאַנץ.

* * *

ס'איז אַ וואַרשעווער טאָג, אַ טריבער,
פון מערב-זייט ווייעט אַ קעלט.
איבער חורבות, טיפע גריבער,
וואַקלט זיך נאָך די וועלט.
פון מדבר, קעגנאיבער
פליען קראָען מיט אַ פינצטער געשריי.
שטילע דעפילאַדעס — מצבות
מאַרשירן אין דער נאַכט אַריין.

ביים ראַנד פון נייע מעת-לעתן,
עס רוישט אונדזער האַריץ און וואַכט:
מיר זאָלן נאָר נישט פאַרגעסן

די געשוואָלענע, שוואַרצע נאַכט.
האָסטו דאָך געדראָט, געוואָרנט
אינעם אויפשטייג פון אונדזער גלאַנץ!
איבער בלוטיקע פאָנען — יאָרן —
דיין נאָמען איז געבליבן גאַנץ.

וואַרשע, 1949

## דאָס האַרץ פון א חורבה

אין מיטן דעם מדבר
פון געטאָ־פעלד
איז פאַראַן אַ חורבה —
אַ ווינט־געצעלט.

ווי אַלע חורבות
אין גרוי פאַרזינקען.
צעריסענע בלעכן
קלימפּערן,
קלינגען,

אין די פענצטער־לעכער
זיצט אַ בלאַסער וואָלקן
אין געשטאַלט פון אַ מענטש
מיט פאַרוווּנדעטע פּים —

אין האַרץ פון אַ חורבה
איז דער הימל וויסט.

מיט בלוט, מיט רויכן
אָנגעזאַפּט. —

דאָס האַרץ פון אַ חורבה
קלאַפּט און קלאַפּט,

און איבער דעם הויכן
פּיראַמיד
פון ברוינע ציגל —
אַ יונגער ייד —

שטאָלץ ווי אַ דענקמאָל
און גרויזאַם,
גרוים,
ער קומט אַלע אָוונט
פון גנעפּל אַרוים —

ביז די זון וואַרפט־אָפּ
איר לעצטן ציטער
פאַרשווינדט ער צוריק
סודותדיק — — —

אין מיטן דעם מדבר,
אין מיטן די פעלדער,
טאַפּלען זיך שאָטנס
פאַרזאַמלען זיך העלדן,

זיי קומען אַהער
מיט אַ זאַמדן־טייך,
דורך ווילדן גראָז,
אונטערערד־געוועלבן,
אין בלוט־זאַווייען.

מיר זעען זיי,

מיר הערן זיי,
אין די געשרייען
פון אונדזער חלום —

אין ליכט־פּאַרקער
פון אויגן־שפּאַרעס,
אין ווינט, וואָס שוועבט
פאַר אונדזער פּנים —

זיי לאַגערן אומרויִק,
זיי לאַגערן לייכט
און שווימען ווי כמאַרעס.

## פארנאכט אין געטאָ

פאַרנאַכט אין געטאָ.
ניינצנטער אַפּריל.
אַלע פאַרבן פון די וואַרשעווער גערטענער
זענען היינט דאָ אַהערגעשוווּמען,
אַלע רויזן פון די פאַרביקע ערטער,
זענען געקומען.
אַ בלומען־באַרג
האָט אַהער פאַרקלעטערט.
שאָפּענס טרויער־מאַרש
פייפט אין די בלעטער.

דער אינטערנאַציאָנאַל האָט אָפּגעקלונגען
אַנטקעגן דעם שטאָל פון באַגנעטן.
פון די הענטשקעס אויף די זעלנערס הענט,

זענען בליצן אראָפּגעשפּרונגען,
ווי טויבן ווייסע —
אַ טשאַד פון מנורות הייסע,
שלאָגט פון די דענקמאָל־ווענט.

האָבן מענטשן, בעת דעם לייגן די קרענץ,
פאַרן דענקמאָל געקניט, זיך געבוקט,
ווי צו הייליקע געטער.
נאָר די קעמפער פון געטאָ,
זיי זענען גלייכגילטיק, רויִק,
צו די סטענגעלעך כבוד, בעכערלעך גליק,
וואָס זענען נויטיק דעם מענטש —
אין דער בריענדיקער שטאָט פאַרקוקט,
גליען זיי אין קאַמף כסדר —
צעביסן פון פלאַמען, צעפּליקט,
זענען זייערע קליידער.
אַפילו דאָס קינד, אויפן האַלדז פון דער מאַמען,
וואָס וואַקלט אין רויך —
איז שטאַרק, מיט דער קראַפט פון אַן עדה — — — —

און דער וואָס האָט געבויגן דעם קאָפּ פאַרן שטורעם —
ער ווייגט נישט צוליב זיין דערשאָסענעם אָרעם.
נישט דעם פאַרשווונדענעם ליכט,
צוקט זיין געזיכט.
אין דעם וואַנדער
צווישן מאָרד,
זוכט ער אַן אָרט
צו באַשיצן דאָס לעבן פון אַנדערע — — —

ס׳איז אָוונט אויף דער וועלט.
הייזער שטייען אָפן, מיט בלומען פאַר די שוועלן.

קינדערלעך טרעטן אריבער חלומות זיסע.
צי קאָן שוין דער מענטש
צו אַ פאַרביקן טרוים זיך דערהויבן?

פאַרנאַכט אין געטאָ.
דער דענקמאָל בענטשט
די פליענדיקע רו פון טויבן.

## אַן אַלט שטיקל פאַרמעט

אַן אַלט שטיקל פאַרמעט פון אַ ספר־תורה,
אָנגעזאַפּט מיטן הויך פון פאַרשווונדענע דורות —

פאַרוויכערט, געל, די אותיות פאַרווישט —
שעפּטשעט אַזוי צו מיר פון טיש:

כ׳בין טויזנט יאָר אַלט. צעקנייטשט, פאַרוועלקט —
מיך נעמט נישט דאָס פייער, מיך אַרט נישט די קעלט.

כ׳בין אַריבער די שפּאַנישע פעלדזן הויכע —
געיאָגט פון מעכטיקע פלאַמען, רויכן.

דורך ימען אין גרעסטע געוויטערן —
דער הימל האָט מיינע נסיעות געהיטן.

בייטאָג און ביינאַכט — אַ באַן, אַ שיף,
אין בלויער סעקוואַנע, דעם בליק אָפּגעפרישט.

זון אָנגעשעפּט אין די לונגען אַריין —
געבויט אַ געצעלט אויף אַ באַרג, נעבן רהיין.

אויף בלוט, איז אַ קרייצצוג געשוווּמען אין פּרייסן —
האָב איך זעגלען געשטויסן אין ווינט, צו דער ווייסל.

אַראָפּ אויף די ברעגן, געלאָסן, שטיל,
אַ שטיין אויף אַ שטיין געדרייט אין אַ מיל.

אוועק אין אַן ארון, גערוט אונטער אַ פּרוכת,
גענערט מיט יאָרהונדערטער, איינגעזאַפּט כוחות.

האָט זיך ווידער אַ שׂרפה צעטאַנצט אין מיין הויז,
מיר די קרוין אָפּגעזעגנט, כ'בין פון פייער ארויס.

אין שאָטן פון פייגל, פאַרהוילן די פליגל,
אַראָפּ אין דער ערד מיט פאַרבאָרגענע שטיגן.

די פריי אויפגעפּראַלט פון אַ בונקער, אַ קאַלטן,
די קראָען אין וועג, אויסגעפּאַטשט, פאַרשאָלטן.

אַריין דורך אַ פענצטער, ארויס דורך אַ טיר,
געבלאָנדזשעט, געאָטעמט, געוואַרט אויף דיר.

מיך שלינגט נישט דער ים. מיך פרעסט נישט די יבשה —
פאַרצייכן די רייד אין יידישן לשון...

## א בעטלער

עס שטייט פאַרן קלויסטער אַ בעטלער, אַן אַלטער
און בעט אַ שטיקל ברויט.
ביז די זון וועט פאַרגיין, ווייל ער ס׳לעבן דערהאַלטן
זיין עדות — די אייביקע נויט.

די גרענעץ פון זיינע זאָרגן
ליגט נעבן דעם ניכטערן מאָרגן.
דעם זעגל פון זיינע רייד
רייסט דער ווינט. עס שווידערט זיין קלייד.

עס שטייט פאַרן קלויסטער אַ בעטלער, אַן אַלטער
די מאָגערע ברוסט געדולדיק.
עס גליווערן טרערן. בלוט אויף אַספאַלטן —
זיין האַנט איז אין דעם נישט שולדיק.

עס האָט זיין ברודער, דער רייכער געפּויזעט
מיט שכורע מעסער, העק.
האָט ער מיט אַ שאָטן פון קלויסטער
דאָס פאַרוווּנדעטע האַרץ פאַרדעקט.

עס זענען זיינע שוועסטערן געפאַלן
איבער קליידער, בעטגעוואַנט, פעק —
האָט ער צו אַ הימל מיט שטראַלן
די נאַקעטע האַנט אויסגעשטרעקט.

מיטגעשוווּמען מיט געטלעכע געשטאַלטן
אויף כוואַליעס פון אייגענער נויט. —
שטייט פאַרן קלויסטער אַ בעטלער, אַן אַלטער
און בעט אַ שטיקל ברויט.

## געזאַנג פון דענקמאָל

אַ בלומען־געריוויש,
שטייגט אַרויף
צו דעם שטיינערנעם טורעם.
אין ווינט איינגעהאָרכט,
פאַרטראַכט אין שטורעם.
דער שטויב אויף די שטיוול איז געל.
גרינער גראַניט — דער שינעל.
רו אין געזיכט.
אויפן שטערן — ליכט.

ווער זאָגט עס אַז אַ שטיין איז שטום?
ווער זאָגט אַז אַ שטיין איז אָן קלאַנג?
דריי מאָל גיי אַרום און אַרום,
דעם דענקמאָל, דעם שווערן.
קוק זיך איין:
אין די גלידער פון בליי,
פליסיקן שניי אויף די קעלנער —
וועסטו הערן
דאָס שטילע געזאַנג.
דאָס שטילע געזאַנג פון די זעלנער —
זעלנער מיט אַנטשלאָפענע ברעמען.

אונדזערע נעמען —
מורמלען זיי,
זענען איינגעקריצט
אין דעם בליץ
פון פלי־ראַקעטעס.
רויך און צאָרן,

זענען אונדזערע קערפּערס.
מיר זענען פאַרגליווערט געוואָרן
אין לויף,
אויף בראַנדז,
אויף שטיין.
אין אונדזער פאַרשטאַרטקייט,
ציטערט דער זיג
פון גאַנג.
אין איינגעשפּאַרטקייט —
דראַנג.

אָן אייפער,
אָן האַס,
אָטעמען זיי,
אויף אַ נייער גאַס
פון וואַרשע.
אַרום זייערע פּוסטריט
פלאַקערט: ריטעם,
מאַרשן.

אין זייערע אויגן
לעשט זיך די זון
ווי אַ שרפה.

זינגט איינער:
איך קום פון אַ פעסטונג אַרוים
מיט דערשיטערטע ביינער.
מיין פאָלק איז אַוועק פאַרוים —

און איך בין געבליבן פאַרשטיינערט
אויפן פּאָסטן נעבן אַ הויז.
און איך בין פון אונטער אַ טאַנק
אַפּיר ווי אַ פלאַם —
אַ פלאַם, וואָס צינדט זיך אָן,
איינמאָל אין הונדערט יאָר — — —

מיר האָבן געעפנט די טויערן
פון דאַכאַו —
די קינדער פאַרוויאַנעטע לאַנג,
צוזאַמענגעקליבן.
איצט קלינגען, לאַכן,
אין אונדזערע אויערן,
די קינדער,
וואָס זענען געבליבן.

אַ בלומען-געררויש,
שטייגט-אַרויף
צו דעם שטיינערנעם טורעם.
אין ווינט איינגעהאָרכט,
פאַרטראַכט אין שטורעם.
דער שטויב אויף די שטיוול איז געל.
גרינער גראַניט — דער שינעל.
רו אין געזיכט.
אויפן שטערן — ליכט.

# די זון פארגייט

די זון פאַרגייט —
ביימער, איינגעוויקלטע אין פלאַמען —
זאַפּן־איין די לעצטע פרייד,
אין אָדערן, וואָרצלען, שטאַמען.
שמעטערלינגען שטאַרבן שטילערהייט —
די זון פאַרגייט.

די זון פאַרגייט —
בויער בעטן טריקעניש פאַר וועגן —
דער גערטנער פאַר די קרייטעכער — אַ רעגן,
דער זעלנער וויל די אָוונט־שטילקייט הערן —
נישט לאַנג, נישט לאַנג,
עס וועט מקוים ווערן
אַלעמענס פאַרלאַנג.
נאָר דעם, וועמען די נאַכט די בלינדע,
האָט די אויגן מיט אַ שוואַרצער באַנד פאַרבונדן;
דער, וואָס איז געפאַלן אין דעם גרויסן שטרייט —
ער וועט נישט ציטערן אקעגן זון־פאַרגאַנג.
די זון פאַרגייט.

די זון פאַרגייט —
איינציקווייז דערשיינען נייע שטערן,
אין פלאַם־געיעג —
אין פורפור־טויער,
נאָך פרישער בליצן־אויף די נייע טעג —
ברונעמער טרויער,
קוואַלן פרייד,
שווערע ווונדן ווערן אויך פאַרהיילט —
די זון פאַרגייט.

## דאָ

דאָ, האָב איך אין הארבסטן
די פלאַמיקע בלעטער געקושט.
געשלאָגן דאָס אייז,
מיט געפרוירענע פיס.
געקלאָגט מיטן וואָלקן,
כאַכאָטשעט מיטן ווינט,
ווען איך בין נאָך געווען
אַ קינד.

דאָ, האָט מיין טאַטע
אַ פאַרביסענער, בלייך,
אויף ברענענדיקע טרעפּ,
צו די הימלען געגרייכט.
מיין ברודער האָט געלויכטן
אין דער שלאַכט, דער שווערער,
געלויכטן
מיט אַ וווּנד אין דער שלייף
ווי אַ שטערן. —
דאָ, האָט מיין מאַמע
מיט הייסע טרערן
געכשרט די גאַסן —
אַ שטיין נאָך אַ שטיין.
אַ שטיין נאָך אַ שטיין.

## וואַרשע

צעקרישלט אין פייער,
דערהויבן אין שטאָל,
געפאַלענע העלדן —
פאַרמאָגן זייער טאָל.

עס שאַרן זיך חורבות
אַוועק אין דער ווייט —
לויט אויפשטאַנדן מעסט מען
פאַרגאַנגענע צייט.

דער היינטיקער טאָג
אין קאָנטורן פאַרבאָרגן,
פון דעכער, וואָס כוואַליען
אַריין אינעם מאָרגן.

עס פלאַקערט די זון
אויף אַ שיפן דאַך.
רייסט זיך אַ פונק
אין אַ קלויסטער אַריין.

און יעדע גאַס
האָט איר נייע שפּראַך,
עס שימערן טויבן,
טויבן אַ סך — — — —

דאָס נייע הויז
האָט אַן אייגן געזיכט.

אַ סטאַטוע פון גלויבן —
יעדער שטיין.

אויף דער ווייסל לויפט
אַ שיפל מיט ליכט
און שטילערהייט אויבן —
די פרייהייט אַליין.

## אַ ביל ד

כ׳האָב גאָרנישט דערוואַרט דעם טאָג.
אַזאַ טאָג ברענגט קיין וווּנדער נישט.
דאָך, האָב איך דורכן פענצטער דערזען אַ וווּנדער,
אויסגעזעצט נעבן אַ טיש:

אין לייכטן נעפל איבער ווייסע טעלער,
אַ שורה באַחנטע קעפּלעך.
מיט טשופּרינעס די ייִנגלעך, די מיידלעך,
מיט אַ בלויער באַנד אין די צעפּלעך.

קינדער פון פלאַמענדיקע בונקערס!
ווי אַזוי זענט איר פון דאָרט אַרויס?
אויסגעהאָדעוועט פון דעם אַש,
די בלומען פאַר אייער הויז?

צי האָט אייך דער מאָרד־וואַגאָן,
נישט פאַרכאַפּט אין דער לעצטער מינוט? —
כ׳האָב דערהערט דאָס כראָפּען פון צוגן
און די נאַכט איז אַריין אין מיין בלוט.

די שטילקייט האָט זיך איבערגעשראָקן,
צעזייט דעם קלאַנג פון שפּראַכן;
האָט דער ווינט דערפירט צו מיין אויער,
דאָס פרייִלעכע קינדערשע לאַכן.

פון העכערן גאָרן־פענצטער,
וואָס איז איינגערעמט אין דער וואָר,
האָט אויפגעשיינט דאָס בילד
אַלץ איז געוואָרן קלאָר:

דער דאַך האָט גענומען פינקלען,
געבליצט פון דער זון אַרויס;
עס האָבן ביימער מיט גרינע אָרעמס
אַרומגענומען דאָס הויז.

שפּעטער, אין טיפן חלום,
(די סאָסנעס האָבן געוואַכט)
האָט דאָס בילד מיט די קינדער אין פענצטער,
געשימערט נאָך לאַנג אין דער נאַכט.

## ליד

כ'האָב שפּאַצירט אין אַ גרינעם וואַלד
און פון וואָלקן, דעם שוואַרצן געטראַכט.
דער מאַן וואָס איז געווען נעבן מיר,
האָט יאַגדעס געפונען אַ סך.

דער וואַלד האָט געוויינט נאָך אַ רעגן.
די לעצטע טרער איז אין מיין אויג געבליבן.
די פרוי, וואָס איז געגאַנגען דערנעבן,
האָט שוואָמען אין פאַרטעך געקליבן.

כ'בין געשווומען מיט אַ זילבערנעם טייך
און געקוקט אינעם תהום — נאַכט.
נישט ווייט האָט אַ קינד זיך געפּליעסקעט,
צו די שטראַלן געלאַכט.

כ'בין געגאַנגען דורך דער צייט אַליין.
שטיין אויף שטיין האָט געקריצט, געקלונגען.
נעבן מיר האָט דאָס לעבן געשטראָמט,
געהיפּעט, געשפּרונגען.

ווי לאַנג דער שטראָם האָט מיך נאָך נישט געמיטן,
איז אפשר זיך לערנען כדאי?
ביי דער פרוי, ביי דעם קינד, ביי דעם מאַן,
זיך לערנען גיין פונדאַסניי?

## אין אַ זאַרגלאָזער שעה

די בענקשאַפט גייט מיט באָרגיקע וועגן.
דער טרויער ווינט אין אַ טאָל.
דעם וואַלד האָב איך היינט באַגעגנט
אין אַ זאָרגלאָזער שעה.

פאַראַיאָריקע, האַרבסטיקע בלעטער,
וואַקסן אין גראָז אַריין.
דעמבעס שאָקלען מיט די קעפּ ווי געטער:
אַזוי מוז עס זיין!

כ'האָב געזען: אַ בוים האָט געוויינט,
גערעדט אויף פאַרשידענע שפּראַכן —
דאָס ערשטע מאָל זע איך היינט
סאָסנעס לאַכן:

האָ! האָ! האַ! האַ! האָפּ! האָפּ! —
אַך, ווי סאָסנעס קאָנען זיך פרייען.
צעפלעכטן אַ גרינעם צאָפּ
און בויגן זיך און דרייען.

ווער שפּילט עס אויף שטראַליקע ציטרעס? —
דער ווינט. עס זינגט אַ פויגל אין נעסט. —
די שפּרינגענדיקע, פאַלנדיקע שישקעס
קלאַפּן־אויס אַ פּאַלאָנעז.

1949

## צי איז דאָס אַ חלום געווען?

כ׳בין געפאָרן מיט ליכטיקע באַנען
דורך ווייסע בערג און טויערן צעפּראַלטע.
די זינגענדיקע רעדער האָבן מיך פאַרוויגט.
שלאַנק־פיסיקע,הויכע בוטשאַנען
האָבן מיך פון ווייטן געגריסט.
אַלע טרעפּ אויף די רויטע וואָקזאַלן
האָבן זיך אַראָפּגעבויגן צו מיינע פיס.
כ׳בין געשווומען אין בלויקייט פאַרחידושט
דורך ברייטע, לופטיקע זאַלן,
געלאַכט מיט קינדער אויף יידיש
צו די הימלען, צו דער העלער זון.
ס׳האָט דער עכאָ מיך אַלץ העכער געצויגן
נאָכן קול נאָך פון אַ קינדער־כאָר.
ס׳איז פאַר מיינע צעעפנטע אויגן
געוואַקסן אַ נייער דור.

כ׳האָב אומישנע פאַרשפּעטיקט די שקיעות
(זיי האָבן זיך געלאָשן ביים ראָג)
אַ פלאַטער געטאָן מיט די וויעס
איז ווידער געוואָרן טאָג.
ס׳איז אַפילו געווען אַ פאַל
אינעם פאַרביקן מאָרגן־שיין
האָב איך מיט אַ דורכזיכטיקן שטראַל
צוגעזעגלט צו זיך אַליין. —
צי איז דאָס אַ חלום געווען
ווי אַזוי איז דאָס מיט מיר געשען?

צי האָט עמעץ איבער מיר געלאַכט? —
ס׳האָט מיך עמעץ פאַרטוישט אין דער נאַכט;

איך דערקען נישט מיין אייגענע האַנט
פאַרן פענצטער — אַ נאַקעטע וואַנט.
דאָס גרויליקע לעבן צו דערהאַלטן
וועבט איר נעסט אַ שפּין.
אין מיין שטוב מיטן נידריקן באַלקן
גייט שטענדיק אונטער די זון.
ווי אַן ארון טונקלט די שאַנק
די בלומען אין וואַזאָן בענקען קראַנק,
מיינע האָר שטאַרבן וועלקנדיק שנעל,
ס'איז די שטאָט מיר געוואָרן צו קליין
ס'איז מיר נמאס אַריבערצוגיין
פון מיין אייגענעם הויז די שוועל.
ווי אַזוי איז דאָס מיט מיר געשען? —
צי איז דאָס אַ חלום געווען?

## צופוסנס די בערג

צופוסנס גראַנאַטענע בערג
שטילע, פילפאַרביקע שטעט —
איין גרויסער ווינט
נעמט זיי אַלע אַרום מיט אַ גליעט.
דער שפּיגל פון היגן הימל
געשליפן מיט בליי, שרויט.
וואָלקנס אָטעמען דאָ —
אין טיפן בלוי, אין רויט.
מיט וואַרעמע, זוניקע פלאַסטערס,
היילט זיך אַפילו אין ווינטער, דער ווינט,
זיין געשריי.
דאָס נאַקעטע לייב פון פעלד,

שלאָפט איינגעטוליעט אין שניי.
די שטילקייט בענקט.
די שיינקייט טוט אזש וויי.
פייגל וועקן פאַרטאָג,
מיט אַ צוויטשעריי.

אין מיטן דער שטאָט: עס זשומט,
אַ פאַבריק — אַ שטאָלענע בין.
דער רויך צעשווימט —
עס טאָגט
מיט האָניק, רו, מי.

ביים פענצטער פון אַ שול,
אַ פאַרבליבענער זיידע.
דער בליץ פון אַ קלויסטער־קופּאָל,
צינדט־אָן זיין זילבער־באָרד.
איך דערזע אים מיטאַמאָל,
פאַרקלעמט אין פלאַמיקן ראָד,
מיט יידן אַ גאַנצע עדה —
צוזאַמען...

נאָר דער זיידע —
ער געדענקט נישט די פלאַמען...
שלינגט אַ פּאָר טראָפּעלעך זון
און קוועלט.
פון זיין אַלטן שמייכל,
ווערט יונג און צאַרט
די וועלט,
אין איר אַלט־נייעם סדר.

שויבפענצטער פינקלען אין מאַרק,
פאַרביקע פאַוועס — קליידער.
טויבן קושן זיך אויף אַ באַרג.
קינדער — אַרום די געביידעס,
זייער וואַרעמע, יידישע שפּראַך,
שאַקלט-אָפּ דעם שניי פון די ביימער.
אַפילו דער נעפּל פאַרנאַכט,
איז אויך שוין נישט קיין געהיימער.
באַלד וועלן זיך לאָמפּן אַ סך,
צעבליצן מיט לאַנגע שטראַלן,
שטערן ווי צייטיקע עפּל
וועלן זיך אָנהענגען אין די ביימער,
זיי זאָלן נישט פאַלן.

צופוסנס די גראַנעטענע בערג,
צווישן שורות טאָפּאָלן, אינמיטן,
אין טעלעגראַפן-דראָט, אויפן וועג,
רופט זיך איבער דער קלינג פון אַ שליטן.

נידערשלעזיע, יאַנואַר, 1949

## ווינטער אין אַ קינדער־גאָרטן

אַ קינדער־גאָרטן. אַ ווייסע וועלט.
דער באַלקן — אַ הימל. דער דיל איז אַ פעלד.

אַ חלום שפינט זיך אין די ווענט דאָ און
יעדעס קינדערשע קעפּל, לויכט ווי אַ זון.

יעדע האָר באַזונדער איז אַליין אַ שטראַל. —
עס שפרינגט אַ געלעכטער פון זאַל צו זאַל.

ס'איז געווען גאַז און טויט און פלאַמען.
זיי האָבן פאַרגעסן — לאָמיר אויך נישט דערמאָנען.

פאַרשטעלן די שאָטנס מיט אונדזערע אַקסלען —
ס'מוז זיין ליכטיק דאָס אָרט ווו קינדער וואַקסן.

דער באַלקן — אַ הימל. דער דיל — אַ פעלד. —
האָבן קינדערשע הענטלעך אַ הויז אויפגעשטעלט,

מיט ברייטע טירן און פענצטער אַ סך —
פון פוכיקער וואַטע, אַ פאַרשנייטער דאַך.

געצוימטע פערד גאַלאָפּירן פאַרביי —
פּאַפּירענע קליאָנען. אַ טורעם פון טייג...

וואַגאָנען, גרויס ווי אַ קאָמפּאָט־שאָל,
עס קאַטשען זיך קוילן אַרויס פון אַ טאָל.

און ליאַלקעס אויף שליטעלעך, רויט פון שיין,
איילן נאָך האַלץ אין וואַלד אַריין.

דער וואָלף פון וואַלד, איז דאָ גוט און מילד,
צו די קינדער לאַכט ער אַראָפּ פון אַ בילד.

וואָס קלענער דאָס קינד, אַלץ גרעסער — דער העלד.
אַ קינדער־גאָרטן — אַ פאַרכישופטע וועלט.

## נידערשלעזישע שטימונגען

דאָרט
ווו ס'איז אַדורך
דער שטורעם, דער גרעסטער —
פלעכטן שוואַלבן שוין ווידער צום פרילינג די נעסטן.
אין די טויערן פון מאי
זשומט אַ רויטע בין.
די זון־רויז רעדט זיך איין:
זי איז אַ זון, אַזאַ מין...
צאַרטע ווערטער רעדט דער הימל מיטן וואַלד,
פון אַ פריינטשאַפט
וואָס ווערט קיינמאָל נישט אַלט.
אומגעשטערט, אין די נעכט,
שווימט דער מילכוועג, דער העלער,
רויִקע שטערן
דרעמלען אויף די שוועלן.

די טעג זענען דורכזיכטיק דאָרט.
טרעפט אַ מאָל, אין אַ באַרגיקן אָרט,
דורך אַ נעפּל־געוואַנט,
בויגט זיך איבער אַ בלייענע האַנט.
אין זון־פאַרגאַנג

איז דעמלט בלוט פאַראַנען.
בלוט-קאַסקאַדעס פאַלן פון פאַנטאַנען.
ברוינע הינט ווילן אַדורכבייסן די קייטן.
פייגל פאָכן מיט די פליגל,
שפּירן שרפות אין די ווייטן.
עס ציטערט אין די ברונעמער דאָס וואַסער.
מאַמעס ווערן אומרויִקער, בלאַסער,
טוליען זייערע קינדער צו דער ברוסט.
אין דרויסן שרעקט דער שאָטן פון אַ קוסט.
פאַרבלאָנדזשעטע, זודיקע טרערן,
לעשן-אויס אין הימל די שטערן.
אין קינדער-היימען, איבער קליינע בעטן,
שטרעקן שוועסטער אויס די הענט צום גלעטן.

צומאָרגנס:
אויף אַ שירעם פון זייד,
קומט די זון אַראָפּ אין יעדער גאַס
און קניט אַנידער שטיל, אויף אַלע שוועלן;
דאָס האָט זי געכטן, די מלחמה-צייט,
דערמאָנט אין אַ שפּאַס —

און ווידער:
זינגען קינדער אין די קינדערהיימען לידער,
פון שטערנדלעך אויף זעלנערס שינעלן.

## לידער פון בוך: „דער אָפּגרונט רוישט"

### וואָגל־ליד

דורך בריקן פון יאָרטויזנטער, באַשיט מיט שטויב און פייער,
מיר וואַנדערן, מיר וואָגלען נאָך פון לאַנד מצרים.

מיר פאַרזעצן עפּלביימער און פאַרלאָזן זיי אין צווייט.
תבואות קלינגען הינטער אונדז געבויגענע צום שניט.

מיר בויען זון־געצעלטן מיט בלומען־בייטן הינטער פענצטער
און צעטרעטן זיי, אַנטלויפנדיק ווי נאַכט־געשפּענסטער.

נישטאָ דער „פייערדיקער זייל" און נישט דער „וואָלקנדיקער זייל"
קוילן־עכאָס באַגלייטן אונדז פון מייל צו מייל.

אויף ווילדן גראָז פון קיינעמס פעלד ווילן מידע קני זיך זעצן.
מיר פאַלן אין דער פינצטער איבער גרענעץ־קלעצער.

אונדזער האַרץ שווימט אום צעפּיצלט איבער אַלע ימען
און בלוטיקט אויפן הימל אין די מזרח־פלאַמען.

דער אָפּגרונט רוישט. מיר קוקן איין און זעען זיך אין דער טיף.
וואָלקנס זאַפּן־איין דעם רוף פון אונדזער וואָגל־שיף.

יעדן טאָג מיר וויגן איין מיט טרערן אונדזערע קינדער:
מאָרגן, אפשר מאָרגן וועט געשען אַ וווּנדער.

און אין צפון גייען־אויף די טעג פאַרנעפּלט, גרוי און בייז,
און אויף מערב־זייט די שרפה פון אונדזער הויז.

1946—1939

## א בריוו צום טאטן

איך זע: דו וויגסט זיך איבער דעם חומש און רש״י.
דיין באָרד איז אין אַש פון ירמיהו הנביא געטונקען.
ס'איז פסח אַצינדער:
דו פרעגסט און פאַרענטפערסט אַליין די קשיות.
דער מרור איז ביטער, צעקייסט ביזן סוף אים.
און ווען אַנגעלענט דו דרעמלסט איין מיד,
די מצה גייט בלענדנדיק אויף פאַר דיין אויג
ווי אַ וווּנדער.

דורך אַ פאַרהאַנג פון טרערן באַווייזט זיך דער שבת פאַר דיר —
דיין קאַפּאָטע פאַרגאַרטלט מיט אַ לאַנגן שנור יאָרן גלות,
ציט-אַראָפּ צו דער ערד, דיינע פאָלעס.
מיט אַ בליק אויפן ליידיקן כוס ביסטו יוצא.
און דיר פעלט נישט קיין סך, דיר פעלט אַ כזית,
איבער וואָס נאָר צו מאַכן המוציא.

אַלע טאָג, אויף דיין אַלפּאַגן כאַלאַטל,
גליט פון האַס אַ צעצינדענע לאַטע.
אין בית-המדרש צו גיין האָסטו מורא —
צינדט די שקיעה ביים פענצטער דיר אָן אַ מנורה.
פאַרבראָכן די הענט צו שמונה-עשרה
צעוואַקלט דיין שאָטן טונקעלע ווענט פון דער דירה.
קאָן זיין: אפשר טראַכסטו פון מיר איצט?
דו האָסט מיך פאַרשפּאַרט אויפן שלאָס,
ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד,
און אין שטוב האָסטו מיך איינגעהאַלטן
ווי דעם ווינט...

א ווינט קומט א סך מאָל צוריק
אויף דורכזיכטיקע פליגל געטראָגן —
צי וועט מיך דער גורל פאַרפירן צוריק
כדי אויף דיין קבר צו קלאָגן?

טאַטע,
מיין בליק, וואָס האָט געוואָגלט אויף שטיינער,
האָב איך איצט צום הימל פאַרריסן;
איך זע נישט דאָרט קיינעם!
בלויז שטאָלענע פייגל מיט זון און מיט שטערן זיך שליסן!
דער זיפץ פון דיין הארץ דעם צעוויטיקטן
וואָלט אפשר צעשווומען א באַפרייטער
ווען קומסט דאָ אַהער.

נאָר צי איז דען מעגלעך א דעמבענעם שטאָם איבערפלאַנצן?
צי איז דען מעגלעך דיין אַלטע קאַפּאָטע אויפסניי
איבערשניידן אינגאַנצן?
דיין האַנט איז איינגעקלעמט אין רצועות מיט תפילין
און ציט זיך אַלץ עמעצן בענטשן.
דו רופסט: שמע־ישראל! איבערן תהום פון געפאַלענע
מענטשן.
נאָר אין שרעק האָסטו דאָס הארץ נישט פאַרלוירן.
דו שפרייזט דורך פלאַמען צעשמייכלט, געהאַלדזט מיט דיין
ספר־תורה.
דיין שמייכל וועט קיין פרייד אין מיין הארץ שוין נישט
לאָזן געבוירן:
נישט אין חלום, נישט אויף דער וואָר.
באָברויסק, אַפּריל, איינאונפערציקסטע יאָר.

## אין א הויז אויפן בוידעם

אין אַ הויז, אויפן בוידעם — פאַרקנוילט אין באַגינען,
האָבן דייטשן באַהאַלטענע יידן געפונען.

דערגרייכט מיט די שפּיזן, דורך סנאָפּעס פאַרלייגטע,
געשלעפּט פון די ווינקלען, געשליידערט פון לייטער.

און צווישן יללות, געשרייען, געוואַלדן,
האָט אַ מאַמע איר קינד, אין די סנאָפּעס באַהאַלטן.

דאָס קינד איז געבליבן פאַרדעקט מיט דער שרעק.
די דייטשן — זיי זענען אַוועק.

און שטיל איז געוואָרן. קיין ריר, קיין שאָרך.
דאָס קינד האָט צום אייגענעם אָטעם געהאָרכט.

געזויגן די שטרויען, געוויינט אין דער שטיל.
מיט אַ ראָזלעכן שטראַל זיך געפרייט, געשפּילט.

די בלויקייט פון טאָג, דורך אַ שפּאַרע געטרונקען.
ביינאַכט האָט אַ שטערן געווונקען.

אַ גוי איז אַרויף אין דער הייך און געוואָלט,
געפינען דאָס באַהאַלטענע יידישע גאָלד.

געזוכט, גענישטערט, צום סנאָפּ זיך פאַרנויגט:
דערטאַפּט אַ פאַרחידושט, קינדעריש אויג...

עס האָט זיך אין מיילער, אַ שעפּטשע צעזידט:
אין דעם הויז, אויפן בוידעם: אַ ייד! אַ ייד!

דריי דייטשן, דריי זעלנער, מיט ביקסן באַהאָנגען,
זענען צו דער שטרויענער נעסט צוגעגאַנגען.

דאָס קינד האָט פאַרהויבן דאָס געקרויזלטע קעפּל —
דאָס קינד האָט פונקט געפלאָכטן פון שטראָלן אַ צעפּל.

אין לאַפּעס פאַרקלעמט קרעכצט אַ קינדערשער אָרעם!
אַ קינד פליט אין ווינט, צו דער גאַס, צו דעם שטורעם!

אַ סלופּ האָט מיט בלוט זיך פאַרפלעקט און עס האָט
פון דער ווייט אָפּגעציטערט דער טעלעגראַפן-דראָט...

## אויפן פרייען פעלד

עס האָבן זאַנגען אַמאָל דאָ געכוואַליעט און היינט —
מיט מענטשלעכע ביינער, איז דאָס פעלד דאָ פאַרזייט;

עס וואַלגערט אין שטויב זיך אַן עלנטער ביין,
עס שטשירעט אַ שאַרבן צום הימל די ציין,

אַ האַריקער קאָפּ פרעגט מיט פינצטערע בליקן:
ווער האָט אונדז פאַרשאָלטן? ווו איז אונדזער תקון?

פאַרוואָס האָט איר ס'פּנים פון אונדז אָפּגעקערט?
צי איז נישט באַשערט אונדז די קילקייט פון ערד?

עס וויינען די טויען מיט אמתע טרערן.
מיט בלוט טריפט א יעדער שטערן.

* * *

ווער שארט דא און קלאפט מיט א הילצערנעם שטעקן
אומגליקלעכע מתים פון רו צו דערוועקן? —

דאס שארט זיך א רשע אין לבנהקער שיין,
צו רייסן פון טויטע די גאלדענע ציין.

ווי צו דעם ביין וואס האט נישט קיין רו —
ווי צו די אויגן, וואס קוקן דאס צו.

1946

## וואלד פון קדושים

ערגעץ, ווו די דערנער גליען
ביי דעם מדבר ראַנדן,
וועט זיך וועבן אַ וואַלד צעבליען
ווייט איבער די זאַמדן.

פון אַ פלאַנץ אין זון געוויקלט
וועט זיך אַ סאָסנע קרוינען.
אין דעם הימלס בלויען שפּיגל
וויגן זיך און שטוינען:

הויכע גראָזן וועלן שאָרכען
אין אַ גרינעם חלום.
מדבר־אָדלערס וועלן דאָרטן
קומען אין די טאָלן.

ווינטן וועלן רוישיק בלאָזן,
עפּעס־וואָס דערציילן.
אין די בערג וועלן קוואַלן קלאָרע
מיט זילבער־טרערן וויינען.

אין די נעסטן וועלן פייגל
זינגענדיקע פליסטערן:
פון דעם שטאַם, פון דעם צעצווייגטן,
אויסגעהאַקטן, וויסטן.

טיילמאָל וועט אין מיטן הימל,
אַ וואָלקן זיך פאַרטראַכטן
און צעקלאַפּן מיט געטומל,
די שטילקייט פון פאַרנאַכטן.

דורכן ים וועלן פרייע מעוועס
פון מערב־ברעגן פליען.
מיט די גייסטער פון לעגענדעס
בלוטן, אין דער שקיעה:

ברענען קעפּ ווי העלע שייטערס,
שוואַרצער רויך — די לאָקן.
רויטע פּערל — טרערן הייסע
פונעם ווינט געטראָגן.

יעדער וועט אַ רוף דערהערן:
זיין נאָמען אין דעם וויכער.
שטילע קולות וועלן שעפּטשען:
טויט אונדז אָן תכריכים!

מאַמעס וועלן יאָמערן,
קליינע קינדער — קלאָגן.
הירשן וועלן אויף די הערנער
ברענגען די פּאַרטאָגן.

לאָדזש, 1947